פ ע ר ז א נ ע ן:

גליקסמאן
באם
הורוויטש
בערמאן
בערטע
א חבר'טע

} אנגעפּאַהרענע יונגע לייט.

איין הענדלער, צווייטער הענדלער, דריטער הענדלער,
פיערטער הענדלער.

א סעפעראט־צימער אין אַ לאַנגען קאָרידאָר אויפ'ן 4טען שטאָק. אין צימער ביים מזרח־וואנד שטעהט אַ קליין טי־שעל, מיט אָנגעוואָרפען ביכלעך אָהן טאָוולען. אונטערן טישעל וואלגערט זיך א טיי־מאַשינקע. ביים טישעל שטעהט אַ שטוהל מיט אנ'אָבגעבראָכענעם פאָרענצעל, וועל־כעס ליעגט טאַקע יתום'דיג נעבען שטוהל. ביי אַ צווייטער וואנד, אין צפון־זייט, שטעהט אנ'איינגעפאלען אייזערן בעטעל, ניט פערבעט; די קאָלדרע הענגט האַלב אראָב אויף דער ערד און עס זעהט זיך אַרויס אַ גראָב־לייווענטענער שטרוי־זאַק, פון וועלכען עס טאָרטשעט ארויס אַ הויפען שטרוי. איבערן בעטעל, ביי דער וואנד, הענגט אנ'אָבגעטראָגענער הוט און אַנ'אַלטער פידזשאַק. די סצענע איז אַ ווייטע ליידיג, הינטער דער סצענע הערען זיך שטי־מען פון גליקסמאַן און באַס. עס עפענט זיך די טהיר און זיי פאַלען אַריין.

## ערשטע סצענע.

גליקסמאַן (אלט אַ יאָהר 27, אַ הויכער און אַ דאַרער, אין אנ'אַלטען אָבגעטראָגענעם אַנצוג, און אַ שווארצען קראַגען): נאַ דיר — איז ער אויך נישטאַ אין דער היים! אז עס געהט נישט — געהט נישט!

באַס (פון מיטעלער וואוקס, אין אַ בלויי העמדעל, מיט לאַנגע שווארצע האָהר; טראָגט ברילען, פון וועלכע עס קוקען אַרויס צוויי ברוגז'דיגע שווארצע אויגען): אָט דאָס איז דיין גביר? (קוקט אויפ'ן בעטעל) אַ פיינער גביר!...

גליקסמאַן: פאר א גביר האָב איך דיר איהם נישט

אנגעגעבען. איך האָב נאָר געזאָגט, אז צייטענווייז קומט איהם אָן פון דער היים א פּאָר רובעל... אפשר איז איהם די טעג אָנ־געקומען.

ב א ס: אויב ס'איז איהם אפילו אָנגעקומען, האָט ער דאָס שוין אודאי לאַנג גע'פּטר'ט.

ג ל י ק ס מ א ן: דו מיינסט, אז אלע זענען אין דיר געראָטען! נאָר וואָס איז די פּעולה, אז ער איז נישטאָ. קום!

ב א ס: ניין, מעהר געה איך ערגיץ נישט... איך האָב שוין קיין כח ניט. איך לעג מיך אוועק אין בעטעל און וועל ליעגען, ביז די נשמה וועט מיר אויסגעהן. (ער ציהט זיך אויס אויפ'ן בעטעל).

ג ל י ק ס מ א ן: ביזט א שוטה... וואָס הייסט ליעגען? מען טאָר זיך נישט אָבלאָזען. איך זאָג דיר, אז מיר וועלען היינט קריגען געלד. איך פיהל אין מיר כחות....

ב א ס: איך דאַרף גאָרנישט... איך וועל אזוי ליעגען און.... א פּאַפּיראָס וואָלט כאָטש געווען! דו האָסט גאָרנישט? אפשר א שטיקעל?

ג ל י ק ס מ א ן: ביי מיר ליעגט ערגעץ א האַלבער פּאַ־פּיראָס, איך וויל אבער אליין שטאַרק רויכערן — מיר וועלען זיך טיילען. וויין, האָסט א שוועבעלע?

ב א ס: א שוועבעלע, דאכט זיך, האָב איך. (ער נעהמט ליעגענדיג ארויס פון טאַש אַ פּושקעלע, עפענט זי אויף) איין שוועבעלע, נאָר פאַרזיכטיג!

ג ל י ק ס מ א ן: (בעטראַכטענדיג דאָס שוועבעלע): דאָס שוועבעלע איז א נוטה למות'ע (ער רייבט אָן פאָרזיכטיג, האַל־טענדיג אין מויל דעם האַלבען פּאַפּיראָס). אַט־אַט! ניין! פער־לעשט זיך, ניין!

ב א ס: גיכער!

ג ל י ק ס מ א ן (טראָגט צו שנעל צום מויל דאָס שטיקעל פּייער, באַלד בעווייזט זיך אַ רויך פון מויל): פאַרטיג!

באס: נו דאנקען גאט, עס רויכערט זיך! רויכער און לאז מיר עטליכע ציה.

גליקסמאן: איך לאז, איך לאז. (גיט אַ פּאָר שטאַרקע ציה און גיט איבער דאָס רעשטעל באס'ן. באס בעטראכט עס מיזיש געשטימט, פערקרימט זיך און נעהמט עס אריין אין מויל.

באס: אז איך וואָלט איצט געהאט אזא זאך, וואָס זאָל חרוב מאכען די גאנצע שטאָדט, וואָלט איך עס געטהון. מיר נישט — דיר נישט!

גליקסמאן: און אז איך וואָלט געהאט איצט וואָס צו פערקויפען אויף א גוטען מיטאָג, וואָלט איך פערקויפט. (פערטראכט זיך), וואָס קען איך, למשל, פערקויפען? (זוכט אין די טאַשען, נעהמט ארויס פון דאָרטען אַנ'אַלטען פּאָרטאָמאָנע) ווי מיינסטו, באס? קען מען וואָס נעהמען דערפאר?

באס (בעטראכט פון דער ווייטען): קענסט דאָס ארויס־ווארפען.

גליקסמאן: ס'האָט אמאל געקאָסט א האלבען רו־בעל.

באס: אמאָל... אמאָל ביזטו אויך מעהר ווערטה גע־ווען...

גליקסמאן: יאָ, אמאָל... אָבער נישקשה, איך פאל נאָך נישט אראָב אויף איצט... עפּיס פיהל איך, אז דאָס לעבען קומט נאָך... דאָס איז נאָר א הקדמה... וואָס ארט מיך, אז די הקדמה איז אביסעל נאַריש...

באס: דיין גאנץ לעבען וועט זיין אזאַ מין הקדמה; צום עיקר לעבען וועסטו קיינמאָל נישט צוקומען, דיין גאנצען לעבען וועסטו זוכען לעקציעס און א מיטאָג...

גליקסמאן: דאָס וועלען מיר נאָך זעהן... (עס דער־הערט זיך פון הויף אַ געזאנג פון הענדלער: האַנדעל! האַנדעל!) ס'וואָלט געווען וואָס צו פערקויפען... (דער אויסרוף: האַנדעל! האַנדעל! הערט זיך ווידער).

באס: וואָס קענסטו פערקויפען? די נשמה? ווער וועט זי קויפען — זי איז שוין ברודיג.

גליקסמאַן (ווארפט אַ בליק צו דער וואנד, וואו עס הענגט דער פּידזשאַק): צו וואָס זאָל איך פערקויפען די נשמה, אז דאָ הענגט נאָך גאָר נישט קיין שלעכט רעקעל (טאפּט איהם). יאָ, גאָר נישט קיין שלעכט רעקעל...

באס (פערוואונדערט): ס'איז דען דיינער?

גליקסמאַן: ביזט א שוטה... וואָס הייסט מיינער? דער הענדלער איז אויפ'ן הויף און מיר זיינען דאָ, איז ער אונזערער...

באס: פון אַנארכיזם בין איך אפילו, ווייסטו דאָך, א שטיקעל אַנהענגער, אָבער ניט אויף אזא ארט... עס גיבט שעהנערע וועגען...

(דער הענדלער זינגט נאָך אַלץ: האַנדעל! האַנדעל! גליקסמאַן לויפט אַרוים אויפ'ן הויף. באָס בלייבט אַליין און שטעלט זיך אויף. אין אַ ווייל ע אַרום געהט אַריין גליקסמאַן מיט'ן הענדלער, אַ איד פון אַ יאָהר פופציג, אין אַ לאַנגער אָבגעטראָגענער קאַפּאָטע און גרויסע שטיוועל אויף די פיס).

## צווייטע סצענע.

דער הענדלער: נו, לאָמיר אַנזעהן אייער סחורה! וואָס האָט איהר?

גליקסמאַן (נעהמט אראָב פון וואנד דעם פּידזשאַק): אָט דעם פּידזשאַק וואָלט איך וועלען פערקויפען.

דער הענדלער (נעהמט דאָס רעקעל אין דער האַנד, דרעהט איהם אום אויף אַלע פיער זייטען): אַן אַלט סחורה'לע... האָט שוין א פּאָר לעבער...

ג ל י ק ס מ א ן: וואו?

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר: וואו — פרעגט איהר? איהר זעהט ניט? אפשר האָט איהר נאָך עפּעס? אלטע שיך? הויזען?

ג ל י ק ס מ א ן: אָט דאָס, וואָס איהר זעהט, מעהר האָב איך ניט. אלזאָ, וואָס גיט איהר?

ב אָ ס (מורמעלט): וואָס א מענש קען!

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר (בעטראכט דעם אונטערשלאג): דער אונטערשלאג איז שוין גאָר אויסגעקראָכען... וואָס קען מען געבען פאר אזא רעקעל?... כ'מיין... וואָס קען מען געבען?... וויפיעל ווילט איהר?...

ג ל י ק ס מ א ן: איהר קויפט דאָך אפּטער, ווייסט איהר דאָך בעסער?

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר: איך מיין.. וואָס הייסט איך וויים בעסער... ס'איז דאָך אייער סחורה, דארפט איהר זאָגען דעם מקח.

ג ל י ק ס מ א ן: יאָ, דאָס איז אפילו אמת: מיין סחורה....

ב אָ ס (אונגעדולדיג): נו, מאכט עס גיכער!

ג ל י ק ס מ א ן (שיסט ארויס): צוויי רובעל.

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר: קוקט איהם אָן ווי ברוגז, נעהמט דעם זאַק אונטער'ן אָרים און וויל ארויסגעהן): א גוטען טאָג!

ג ל י ק ס מ א ן (דערשראָקען): נו, וואָס? וויפיעל גיט איהר. איהר קענט דאָך זאָגען...

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר (ווערט ווייכער, קעהרט זיך אום): איך פערקויף אייך אליין אזוינע רעקלעך צו פינף גילדען א שטיק... האָטש הונדערט שטיק...

ג ל י ק ס מ א ן (בייז): איך האנדעל ניט מיט רעקלעך. זאָגט, וואָס גיט איהר?

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר (נעהמט דאָס רעקעל ווידער אין דער האַנד).

ב אַ ס: אוי, מיר ווערט ניט גוט.

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר: אַ האַלבען רובעל.

ג ל י ק ס מ אַ ן (ראַש): נעהמט! ס'איז אפילו ביליג, נאָר זאָל אַ איד פערדיענען...

ב אַ ס (שטיל): ביזט אַ טייערער מענש...

ג ל י ק ס מ אַ ן (אָן אַ זייט): שווייג!

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר (נעהמט ווידער דאָס רעקעל אין האַנד, דרעהט עס ווידער אום אין אַלע פיער זייטען).

ג ל י ק ס מ אַ ן (אונגעדולדיג): נו, ר' איד, מאכט עס גיכער...

ב אַ ס: דער איד האָט חרטה.

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר: חרטה איז ניט מעשה סוחר. חרטה האָב איך ניט, נאָר נתעשר וועל איך ניט ווערען. (נעהמט ארויס פון טאַש אַ בייטעלע, קראַצט דאָרט מיט די פינגער, נעהמט ענדליך אַרויס אַ זילבערנעם רובעל), האָט איהר רעשט אַ האַלבען רובעל?

ב אַ ס: ווען מיר וואָלטען האָבען אַ האַלבען רובעל!...

ג ל י ק ס מ אַ ן (קוועטשט באַס'ן פאר'ן שוך): שווייג.

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר: וואָס־זשע טהוט מען? מען מוז געהן צוטוישען.

ג ל י ק ס מ אַ ן (פער'יאוש'ט): האָט איהר ניט קיין קלענערע געלד?

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר: ניין, כ'האָב נאָך אַ פּאָר גאַנצע רובעלס...

ג ל י ק ס מ אַ ן: מילא, קומט אראָב אונטען, אין אַ קלייטעל, וועלען מיר טוישען.

ב אַ ס: קום שוין צוריק...

ג ל י ק ס מ אַ ן: די מינוט!

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר : (נעהמט דעם זאק אויפ׳ן פּלייצע און דעם פּידזשאק אונטער׳ן אָרים) : קומט!

ג ל י ק ס מ א ן (פערלעגען) : לעגט אריין, איך בעט אייך, דאָס רעקעל אין זאק.

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר : איהר ווילט אין זאק, זאָל זיין אין זאק... (לעגט איהם אַריין אין זאק).

(הענדלער און גליקסמאַן אָב)

באָס בלייבט אַ ווײַלע און געהט הין און צוריק איבערן צימערל. עס הערען זיך טריט און אַ שמועס אין קאָרידאָר. עס געהט אַריין הורוויטש, נאָך איהם נאָך אַ הענד־לער. הורוויטש, דערזעהענדיג באָס׳ן, בלייבט שטעהן פער־וואונדערט. באָס איז בלאס און דערשראָקען.

## דריטע סצענע.

ב א ס (פערלעגען) : אייער חבר גליקסמאַן האָט מיך אהער געבראכט, מיין נאָמען איז באָס.

ה ו ר ו ו י ט ש (פערוווירט) : זעהר אנגענעהם.... זיצט! (צום הענדלער) אָט שוין ווייז איך אייך... (זוכט אויפ׳ן וואנד) וואו איז דער פּידזשאק? (קוקט אויף באָס׳ן, באָס. לאכט זיך היס־טעריש פונאַנדער).

ה ו ר ו ו י ט ש (פערוווירט) : וואָס לאכט איהר... הם...

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר : נו, וואָס? איך האָב ניט קיין צייט. (אין קאָרידאָר הערען זיך טריט, עס ווייזט זיך גליקסמאַן).

ה ו ר ו ו י ט ש (צו גליקסמאַנען) : וואו ביזטו געוועזען?

ג ל י ק ס מ א ן : דא אין קלייטעל, פּאפּיראָסען גע־קויפט...

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר : נו, וואָס וועט זיין? איהר גיעט אנקוקען דאָס רעקעל צי ניט?

ה ו ר ו ו י ט ש : שוין, שוין! (צו גליקסמאַנען) : אַ מאָדנע זאַך... איך בין אוועק, האָב איך געלאָזען אויפ'ן וואנד הענגען דאָס רעקעל... איך האָב אליין געזעהען... איצט איז ער נישטאָ... (קוקט אויף באָס'ן).

ג ל י ק ס מ א ן : ווער איז דיר שולדיג? אז מען געהט אוועק, פערשליסט מען אַ טהיר...

ב אָ ס (צו גליקסמאַנען) : ביזט אַ מאוסער מענש!

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר : בין איך, הייסט עס, אומזיסט נעגאנגען...

ה ו ר ו ו י ט ש (פערשולדיגט) : זייט מוחל, ר' איד... וואָס קען איך טהאָן?... מען האָט עס גראָד גע'גנב'עט... שווע־רע צייטען!... מען זאָל זיך קוואפּען אויף אזאַ רעקעל!...

ה ע נ ד ל ע ר : ס'איז אַ חוצפּה! שלעפּט מיך, שלעפּט מיך אין אַ צווייטער גאַס און וואָס, ווען? גע'גנב'עט!

ג ל י ק ס מ א ן : ר' איד, אַט האָט אַ „צעהנעריל“ און געהט געזונדערהייד!

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר (נעהמט צו מיט אַ פרעהליך פּנים די מטבע) : אַ דאַנק... ס'וועט זיין אויף אַ פונט ברויט (זיפצט) עך־עך... שווערע צייטען (אָב).

ה ו ר ו ו י ט ש (זעצט זיך אַוועק אויפ'ן בעטעל) : נו, אַ צייט, מען זאָל ניט קריגען ערגעץ קיין קערבעל באָרגען... (צו גליקסמאַנען) : זאָג מיר, דו האָסט גאָרנישט? חאָטש אויף אַ מיטאָג...

ג ל י ק ס מ א ן : וואָס הייסט איך האָב גאָרנישט? איך בין איצט אַן עושר, איך האָב גאַנצע דריי גילדען אין טאַש.

ה ו ר ו ו י ט ש : וואָס קלעקט עס פאַר דריי (קוקט אויף באָס'ן).

ג ל י ק ס מ א ן : עט, ס'וועט זיין גענוג, מאכען מיר אַ סעודה אין דער היים, וועט עס ביליגער קאָסטען. ווער געהט ברענגען גוטע זאכען?

גליקסמאַן: נאַ, האָסטו (גיט איהם איבער עטליכע מטבעות): וועסט קויפען צוויי פונט ברויט.

באַס: וואָס וועט עס קלעקען?

הורוויטש: געוויס איז דאָס ווייניג, איך בין הונ־געריג ווי אַ הונד...

גליקסמאַן: מילא, קויף דריי פונט, אַ גוטען הע־רינג, אבער טאַקע אַ גוטען!... טהיי און צוקער פאַר עטליכע קאָפּיקעס און פּאַפּיראָסען. און אויב ס'וועט נאָך עפּעס בלייבען, זאָלסטו נאָך קויפען אַ גוט שטיקעל קעז.

באַס: מיר'ן זעהן... (אָב).

הורוויטש: אייגענטליך האָט מיך גאָט גע־שטראַפט.... כ'האָב דעם פּידזשאַק געוואָלט פערקויפען, האָטש ער איז גאָר ניט מיינער, ס'איז גאָר בערמאַנ'ס.

גליקסמאַן: ווי קומט צו דיר בערמאַנס פּידזשאַק?

הורוויטש: ער האָט ביי מיר היינט ביינאַכט גע־שלאָפען, ער האָט קיין דירה ניט... דער פּידזשאַק איז אַ שווע־רער און דער טאָג איז אַ הייסער, איז ער אוועק אין אַ דינעם רעקעל, וואָס ער טראָגט שטענדיג אונטען...

גליקסמאַן: יאָ... נו, נישקשה, איצט איז וואַ־רים...

הורוויטש: יאָ... אָבער דאָך פערדריסט מיך, ווי אַזוי האָב איך דאָס געוואָלט פערקויפען. אין אַ נויט פערלירט מען דאָס געפיהל פון סאַמע עלעמענטאַרען יושר... אָבער זוימט ער זיך, דער פריינד דיינער, ווי הייסט ער?

גליקסמאַן: ער הייסט באַס, נאָר ער איז אַ טייע־רער בן: איז אַ ביסעל נוטה צו אַנאַרכיזם, ווי דער שטיינער איז פון אַ מענשען, וואָס האָט דריי טעג ניט געגעסען...

(אין קאָרידאָר הערען זיך טריט).

הורוויטש: ער טראָגט שוין... איך בין שרעקליך הונגעריג...

גליקסמאַן: ניין! ס'איז ניט ער... דאָס איז ניט זיינע טריט. (עס געהט אריין בערמאַן מיט אַ דריטען הענדלער, געקליידט ווי דער ערשטער, נאָר אַ ביסעל עלטער; אין איין האַנד האַלט ער אַ זאַק, אויף דער צווייטער הענגט ביי איהם אַ פּאָר קאַמאַשען).

בערמאַן (צו הורוויטש'ן, נאָכדעם ווי ער האָט געקוקט אויפ'ן וואנד איבער'ן בעט): האָסט ניט געזעהן מיין רעקעל?

הורוויטש (שטאַמעלט): דאָס רעקעל?... דאָס רעקעל?... איך ווייס אויך ניט, איך האָב איהם אויך געזוכט.

דער הענדלער: נו, מאכט עס גיכער, איך האָב ניט קיין צייט.

בערמאַן: באַלד... באַלד...

הורוויטש: וואָס דארפסטו דאָס רעקעל?

גליקסמאַן: מסתמא פערקויפען!... זעהסט ניט?

הענדלער: נו, וואָס וועט זיין?

בערמאַן: איך פערשטעה דאָס גאָרנישט (קוועטשט מיט די פּלייצעס).

באָס (געהט אריין, האַלט איןביידע הענד אין פּאַפּיר איינגעוויקעלט פּעקלעך. דערזעהענדיג די פּנים חדשות, פערוואונדערט ער זיך, נאָכהער שמייכעלט ער בייז צו גליקסמאַנען): נו, עסט!

גליקסמאַן: און דו?

באָס (בייז): איך וויל ניט עסען... (רופט אָב גליקסמאַנען אַ זייט). הער, וואו דו וועסט ניט דערצעהלען, אז דו האָסט דאָס רעקעל פערקויפט, עס איך ניט.

גליקסמאַן (צו באָס'ן): גוט! (צו אַלע) ברידער, דאָס רעקעל האָב איך פערקויפט, איהר וועט דאָך קיין פעראיבעל ניט האָבען...

הורוויטש: שוטה, וואָס האָסטו גלייך ניט געזאָגט?

בערמאַן: פערקויפט? ארט עס מיך ניט... אדרבא... איך האָב נאָר געבראָכען דעם קאָפּ, וואו קען עס זיין?

ד ע ר  ה ע נ ד ל ע ר : ווער וועט מיר בעצאָהלען פאר מיין גאנג?

ג ל י ק ס מ א ן (צו באָס'ן): אפשר איז געבליבען עט־ליכע קאָפּיקעס, גיב דעם אידען...

ב א ס : אַ גראָשען ניט...

ג ל י ק ס מ א ן : האָט קיין פעראיבעל ניט, ר' איד!... אפשר וועט אייך נוצען די הוט? (נעהמט אראָב פון וואנד אַן אַלטע, צוריסענע הוט).

ה ו ר ו ו י ט ש : יאָ, די הוט קען ער נעהמען. איך וועל זי שוין ניט טראָגען...

ד ע ר  ה ע נ ד ל ע ר (נעהמט די הוט, בעטראַכט זי און לעגט זי אַוועק צוריק): די הוט טויג פאר מיר ניט... זי איז גאָרנישט ווערט...

ג ל י ק ס מ א ן : נו, וואָס קענען מיר אייך העלפען? נו, ברידער, לאָמיר זיך זעצען עסען. באס איז א חוואט. ער האָט איינגעקויפט א סך...

ה ו ר ו ו י ט ש (צום חענדלער): אפשר זענט איהר א בעלן, ר' איד, מיטצושפייזען?

ד ע ר  ה ע נ ד ל ע ר (אביסעל פערשעמט): כ'מיין... וואָס קען דאָס שאדען? א שטיקעלע הערינג וועל איך טאקע פערזוכען...

ג ל י ק ס מ א ן (צופריעדען): אַה, מהיכא תיתי! זעצט זיך. ר' איד!

ב א ס : אפשר ווילט איהר זיך וואשען?

ה ו ר ו ו י ט ש : אַט איך ברענג שוין וואסער, (לויפט אַרויס מיט'ן בלעכענעם טשייניק אין קאָרידאָר צו דער וואַסער־ליי־טונג און ברענגט עס גלייך, דער הענדלער וואשט זיך, גיסענדיג פון טשייניק אויף דעם פאָל, זאָגט חויך „שאו ידיכם“, ווישט אָב די הענד מיט א פאָלע, שניידט אָב מיט אַן אייגענעם קליינעם מעסערל אַ שטי־קעל ברויט, נאָכדעם אַ שטיקעל הערינג, מאַכט אַ המוציא און הויבט

אָן עסען. די חברה מיט איהם).

ג ל י ק ס מ א ן (קייענדיג): נו, האָב איך שלעכט געטהאָן?

ה ו ר ו ו י ט ש: זעהר גוט — ווער האָט צו דיר טענות?

ב ע ר מ א ן: איך אודאי ניט.

ב א ס: איך בין אייגענטליך געגען דעם... גנב'ענען יאָ, אָבער שעהנער... איהר פערשטעהט? שעהנער...

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר (ווישט אָב די וואָנסען און איז זיך מכין אָוועקצוגעהן): א יישר, יונגע לייט... גוטער הערינג... הערט איהר, ברידער, איך קויף דאָך אַלטווארג ביי רייכע לייט, אָבער איך זאָג אייך, אז האנדלען זאָל מען נאָר מיט אזוינע ווי איהר...

ג ל י ק ס מ א ן: נו זעהט איהר... און באס איז נאָך ניט צופריעדען מיט אונז.

ב ע ר מ א ן: אי, אויף נאמנות, ס'איז א קאָמעדיע... ס'איז נאָר טרויעריג, וואס איך וועל יעצט מוזען געהן אין דעם לייכטען רעקעל, ביינאכט איז אין איהם קאַלטליך.

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר: עט, נישקשה, יונגע לייט ווערען ניט דערפראָרען. איך בין אמאָל, בחור'וויז, א ווינטער איז א זומער־רעקעל אָבגעגאנגען, און אז ס'איז בעשערט צו לעבען, זעהט איהר דאָך...

(עס הערען זיך טריט).

ה ו ר ו ו י ט ש: ווער געהט עס ווידער?

ג ל י ק ס מ א ן (לאַכענדיג): אודאי נאָך א הענדלער.

ב א ס: נו, א הענדלער האָט שוין דאָ ניט וואָס צו טהאָן. דער פערמעגען איז שוין פערקויפט.

(עס לויפט אריין האַנקע, אַ מיידעל פון אַ יאָהר עטליכע און צוואנציג, מיט אַ מאָנסבילשען פּנים, אַ פלאכער ברוסט, רעדט מיט אַ גראָבען קול).

חאנקע: אַי, כ׳לעבען, זיי עסען דאָך... פּרעסער, לאָזט מיר עפּעס א ביס... (חאַפּט זיך צום רעשט שטיקעל ברויט) ע, ס׳איז ווייניג... (רייסט ארויס פון גליקמאַנ׳ס האַנד אַ שטיק ברויט אָנגעשמירט מיט פּוטער) וואָס האָט איהר אַלץ אויפגעגעסען?

הענדלער: חע־חע... דאָס מיידעל וויל נעבעך אויך עסען...

חאנקע: וואָס איז דאָס פאר א איד... איהר אגיטירט איהם אפשר...

באס: ס׳איז א הענדלער. אפשר האָט איהר עפּעס צו פערקויפען...

חאנקע: פערקויפען... אוי, כ׳לעבען, מען דארף איהם טאקע עפּעס פערקויפען... א פינגעריל קויפט ער?...

דער הענדלער: אָך, פארוואָס ניט... איך קויף אַלץ.

גליקסמאן: ס׳וועט זיין א לעבען, ווי איך בין א איד...

חאנקע (אראָבנעהמענדיג פון אַ פינגער אַ קליין רינגעל): וואָס גיט איהר, ר׳ איד, דערפאר?...

דער הענדלער (בעטראכט עס): א האלב קערבעל...

חאנקע: ווייזט געלד!...

דער הענדלער (צעהלט אויס צעהן קופּערנע צעהנערס, בעטראכט נאָך אַמאָל דאָס פינגעריל): ס׳איז אפילו ניט ווערט.

גליקסמאן: ס׳איז ווערט, ר׳ איד, ס׳איז ווערט...

הורוויטש: א שאלה, צי ס׳איז ווערט — אן אמת־גאָלדען פינגעריל.

חאנקע: א מתנה פון א באָבען...

דער הענדלער: זאָל זיין אַ מתנה פון א זיידען.

חאנקע: איצט מאכען מיר די סעודה אויף דאָס ניי.

גליקסמאן: אפשר האט ווער נאך עפעס צו פער־קויפען? שעמט זיך ניט, ברידער.

דער הענדלער: אדרבא, זוכט עפעס אויס צו פערקויפען? שעמט זיך ניט, ברידער.

דער הענדלער: אדרבא, זוכט עפעס אויס.

הורוויטש: איך האב גארנישט.

בערמאן: איך אודאי ניט.

באס: איך — סיידען די נשמה...

חאנקע (לוסטיג): לומפען־פראלעטאריער! (צום הענדלער) קומט צו מיר אהיים, ר' איד! קאלאשען קויפט איהר?

דער הענדלער (מיט א מין שמאלץ): איך האב דאך אייך געזאגט, אז איך קויף אלץ...

חאנקע: טא קומט, איך וואוין דא אנטקעגען... איך האב א פאר קאלאשען, נאך פון דערהיים געבראכט... ביי אונז אין דערהיים איז שטענדיג א בלאטע... דא דארף איך זיי ניט... דא איז טרוקען.

דער הענדלער: עס פערשטעהט זיך... דא דארף מען ניט קיין קאלאשען... ווער טראגט דא קאלאשען? א משוגע־נער סיידען...

באס: אלמאי קויפט איהר זיי?

דער הענדלער: איך מיין... איך זאג דאך אייך — איך קויף אלץ...

חאנקע: נו, קומט...

גליקסמאן: נאר גלייך צוריק... דעם האלבען קארב לאזט טאקי ביי אונז...

חאנקע: איך קום באלד...

(הענדלער און חאנקע אב).

גליקסמאן: א וואוילע זאך, כ'לעבען... דארף זיך גראד אנטראגען האנקע מיט א פינגעריל און קאלאשען...

באס: נו, וואס פערקויפט איהר נאך? (עס הערט זיך ווידער א זינגען אין הויף: האנדעל, האנדעל).

גליקסמאן (מיט א שטראהלענדען געזיכט): אי, מיר איז איינגעפאלען א גליקליכע אידעע.

באס: וואס?

הורוויטש: נו, וואס?

גליקסמאן (קוקענדיג צום בעטעל): צו וואס, למשל, דארף מען האבען דאס דאזיגע בעטעל?

הורוויטש: וואס הייסט? אויף שלאפען.

גליקסמאן (שפאטיש): כ'מיין מיינער, אנדערש ווי אין א בעט שלאפען קען ער נים! און אויף דר'ערד ביזטו חולה?

בערמאן: ער רעדט צו דער זאך... דאס בעטעל איז ווערט א קאפיקעס זעכציג.

הורוויטש (טראכטענדיג א ווילע): פון מיינטוועגען לאז מען עס פערקויפען.

גליקסמאן: ניט אנדערש! סיי ווי סיי איז דאס בעטעל פאר דרייען ענג, און אויף דר'ערד קען מען זיך אויס־בעטען אין פיערען אפילו.

בערמאן: ער רעדט צו דער זאך, כ'לבען...

הורוויטש (פערלירענדיג אינגאנצען דעם רצון): נו, רופט אריין דעם הענדלער.

גליקסמאן: דאס לאזט שוין פאר מיר... (אב).

באס: איך בעטראכט אייך פאר אוננארמאל, ברידער.

הורוויטש: די גאנצע וועלט איז אוננארמאל.

באס: יא... יא.. (א פויזע).

(גליקסמאנס שטים אויף די טרעפ): איהר וועט אנקוקען א בעטעל...

א גראבע שטים פון א הענדלער: א בעטעל זאל זיין א בעטעל אלץ איז א סחורה...

ג ל י ק ס מ א ן (ארויינגעהענדיג): אַט דאָס איז דאָס בעטעל.

ד ע ר ה ע נ ד ל ע ר (אַ גאַנץ אַלטער איד, אין ברילען בעטראַכט דאָס בעטעל): דאָס בעטעל איז גאָרנישט ווערט...

(אַלע ווערען שטאַרק אראָבגעפאַלען).

ה ע נ ד ל ע ר: מעהר האָט איהר גאָרנישט צו פער־קויפען?

ג ל י ק ס מ א ן: מעהר גאָרנישט...

ה ע נ ד ל ע ר: לגמרי גאָרנישט?

ג ל י ק ס מ א ן: (נערוועז) אבסאליוט גאָרנישט.

ה ע נ ד ל ע ר (שטעלט אָן די אויערן): וואָס האָט איהר געזאָגט?

ג ל י ק ס מ א ן: לחלוטין גאָר נישט...

ה ע נ ד ל ע ר: אַט אזוי־זשע זאָגט — לחלוטין — פער־שטעה איך! הייסט עס — לחלוטין גאָרנישט... (קראַצט זיך אין קאָפּ... בעטראַכט נאָך אַמאָל דאָס בעטעל...) וויים איך, דאָס בע־טעל איז יאָ עפּעס ווערט, אָבער איך מוז דינגען „אַ מענשען“ אראָבטראָגען זי, איך אליין, ניט פאַר אייך געדאַכט, האָב קיין כח ניט... איך וויים אָבער ניט, צי וועט מיר לויהנען דאָס גאַנצע עסק... (בעטראַכט נאָך אַמאָל דאָס בעטעל) טאַקע ניין, עס לויהנט ניט... טאַ האָט זשע מיר אַ גוטען, יונגע לייט (געהט ארוים זיך קראַצענדיג).

(פאָרהאַנג)

## פערזאנען.

ברוך, אן ענטוויקעלטער ארבייטער, 23 יאהר אלט.
די מוטער, אן אלטע, פרומע, ארימע אלמנה.
ביילקע, אן ארבייטערין, ברוך'ס כלה, 20 יאהר אלט.
געסט, יונגע ארבייטער.

קומט פאר אין די לעצטע צעהנדליג יאהר אין א גרויסע שטאדט אין ליטא.

(די סצענע שטעלט פאָר אַ קליין, קאַוואַליער צימערל, רעכטס פון דער קיך, אַנשטאָט טהירלעך — אַ שמוציגער פאָרהאַנג. ביים שטויביגען, זעקס־שויביגען פענסטער—אַ קליין טישעל פערדעקט מיט אידישע צייטונגען. האַרט ביים טישעל אַ בעט, ביי דער צווייטע זייט טישעל אַן אַלטע שטוהל. אויפ׳ן טישעל שטעהט אַ קעסטעלע טאַ־באַק, פון וועלכע ברוך שטאָפט אַן פּאַפּיראָסען און רויכערט איינעם נאָך׳ן צווייטען. פאַרנאַכט, נאָר וואָס אָנגעצונדען פייער. ברוך אַליין שטאָפּט אַן אַ פּאַפּיראָס, פערראַכט, געהט אום איבער׳ן צימער שטאַרק פערטיעפט, שטעלט זיך ביים טהיר פון צימערל און רופט:

## ערשטע סצענע:

**ברוך:** מאַמע...

**די מוטער** (אריינגעהענדיג מיט לאַנגזאמע טריט): וואָס?

**ברוך:** מאַמע... איך וויל דיר עפּעס זאָגען, נאָר איך זאָג דיר פריהער, אז קיין טענות פון דיר וויל איך ניט הערען, ס׳וועט ניט העלפען... היינט ביינאַכט האָב איך מיט ביילקען חתונה.

**די מוטער:** היינט ביי־נאַכט? מיט ביילקע׳ן?... אַט מיט דער...

**ברוך** (האַקט איבער): מאַמע, איך בעט דיך אָהן טענות. היינט ביי־נאַכט מיט ביילקע׳ן... אזוי האָב איך אָבגע־רעדט... אזוי מוז עס זיין.

די מוטער: נו, נו, מסתמא ווייסטו דאָך וואָס דו טהוסט... זאָל זיין מיט ביילקע'ן — זאָל זיין אָהן נדן, זאָל זיין אָהן בעטגעוואנט... אָבער וואָס עפּעס, זוהגעניו, היינט ביי־נאכט?...

ברוך: און מאָרגען וועט זיין בעסער? חתונה האָ־בען מיט איהר מוז איך.

די מוטער: דו מוזט? הערסט אביסעל — ער מוז! האָסט תנאים געשריבען, צי א קנין געמאכט...

ברוך: נאָך מעהר ווי תנאים, נאָך מעהר ווי א קנין... (פאסענדיג זיך מוטה) זי איז א וואויל מיידעל. איך האָב צו איהר גאָר נישט... כ'האָב זי טאַקע האָלט...

די מוטער: האָלט האָבען קאָן מען זי, דאָס איז אפילו אמת, איך האָב זי אויך ניט פיינט, נאָר זי איז דאָך אזוי אָרים.

ברוך: דאָס איז אָן אמת, אָרים איז זי, נאָר מיר וועלען לעבען... נישקשה, מיר וועלען לעבען!

די מוטער: נו, אז דיר איז ניחא, מוז איך שוויי־גען... וואו ווילסטו אָבער מאכען די חתונה און מיט וואָס?

ברוך: וואו? — טאַקע דאָ אין צימערל, און מיט וואָס — אָט האָסטו א רובעל... (נעהמט ארויס פון טאַש אַ זיל־בערנעם רובל).

די מוטער (לאכט ביטערלעך): מיט א רובל ווילסטו א חתונה פּראווען, אוי מיין זוהן, רעדסט דאָך גאָר פון וועג...

ברוך: וואָס מיינסטו, מאמע, א חתונה? קיין גילדערנע יויך דארפען מיר ניט. קויף עטליכע הערינג, אביסעל בראנ־פען. א פּאָר קיכלעך און די חתונה איז פארטיג...

די מוטער: האָסטו חאָטש דעם פעטער לייבען געבעטען?

ברוך (לאכט): דער פעטער וויל דאָך ניט דעם שידוך...

די מוטער: פונדעסטוועגען...

ב ר ו ך: אט לאז די משפחה צו־רוה. קיין דרשה־געשאנק דארף איך ניט און זיי וועלען ניט געבען אויך. פאלג מיר און געה קויף איין עפּעס פאר'ן רובל און גענוג. מיינע מחותנים וועלען קיין פאראיבעל ניט האבען, אייגענע ברידער.

די מוטער: דיינע „מחותנים" — אז אך און וועה איז טאקע צו דיינע מחותנים.

ב ר ו ך: נו, מאמע, ווייסט דאך, אז דו ועסט מיר שוין ניט איבערמאכען. נעהם דעם רובעל און געה קויף אלץ איין, בראנפען א קווארט און פאר'ן איבעריגען געלד א פאר הערינג און נאך עפּעס.

די מוטער: גאר ביים חתן די חתונה... פארוואס ניט ביי דער כלה? זאלען א י ה ר ע עלטערן דעם נחת האבען...

ב ר ו ך (שמייכלענדיג): איהרע עלטערן זיינען אויך ניט צופריעדען מיט'ן שידוך.

די מוטער (איראניש): אויך ניט צופריעדען! אז אך און וועה שוין צו דיר! האסט געקאנט נעהמען 300 רובל מיט חתן־מתנות, ווי ביי לייטען.

ב ר ו ך: איך וועל שוין אלץ האבען.

די מוטער (שאקעלט מיט'ן קאפּ): יא, יא, וועסט האבען... מיט אזא פיהרונג וועסטו אלץ האבען... (אב).

ב ר ו ך (אליין): נו, א סוף, אבי זי ווייסט שוין... (עס הערען זיך טריט).

---

צווייטע סצענע.

ב י י ל ק ע (שטעלט זיך ביים פארהאנג, הויבט איהם אויף און קוקט שעמעוודיג אריין).

ב ר ו ך (מונטער): א, די כלה איז שוין דא. קום אריין, כלה־לעב, קום אריין, שעם זיך ניט פאר'ן חתן... קענסט איהם שוין.

ב י י ל ק ע (געהט אריין, אין אַ ציצען קליידעל, די שוואַר־צע האָהר פערקעמט עטוואָס יום־טוב'דיג, מיט אַ ווייסען שאַל אויף די פּלייצעס): נאָך קיינער ניטאָ?

ב ר ו ך: ניין, די מחותנים זיינען נאָך ניט געקומען.

ב י י ל ק ע: אוי, הלואי וואָלט טאַקע קיינער ניט געקו־מען. איך שעם מיך עפּעס אַזוי. עפּעס אַזאַ נאַרישע צערעמאָ־ניע. צו וואָס דאַרף מען דאָס, דאַכט זיך.

ב ר ו ך: אַט דאָס פרעג איך דאָך אויך, צו וואָס דאַרף מען דאָס טאַקע? אפשר דאַרף מען טאַקע ניט.

ב י י ל ק ע: ניין, ניט דאָס... נאָר ס'איז עפּעס אַ סימן. עפּעס — איך ווייס אויך ניט ווי צו זאָגען — פאַר דער וועלט... זאָל די וועלט שפּעטער ניט בילען...

ב ר ו ך: אַט אַזוי רייד — זאָל די וועלט ניט בילען... טאָ קום אהער. איך וועל דיר אַ קוש געבען.

ב י י ל ק ע: פּונקט פאַר דער חופּה...

ב ר ו ך: וואָס דען, נאָך דער חופּה?

ב י י ל ק ע: און נאָך דער חופּה וועסטו מיך ניט קו־שען?

ב ר ו ך (שפּאָטיש): נאָך דער חופּה קריגסטו ביי מיר פּעטש, ווי די מוהמע רחל פון פעטער לייבעל.

ב י י ל ק ע: רעד בעסער נישט... איך האָב עפּעס אַזוי מורא...

ב ר ו ך: האָסט מורא? פאַר וועמען? פאַר מיר?

ב י י ל ק ע: פאַר דער וועלט... אוי, די וועלט איז אַזאַ שלעכטע, אַזאַ בייזע... שאַ, ווער געהט עס?

ב ר ו ך: די מאַמע. אודאי... טאָמער וועט זי עפּעס דיר זאָגען — שווייג!... ס'איז אויף איהר טאַקע אַ רחמנות. נאָר וואָס קאָן איך איהר העלפען...

(עס געהט אריין די מוטער, שטעלט אוועק אויפ'ן פענסטער אַ

קוואַרטיגע פלעשעל בראַנפען, לעגט אַוועק אַ פּאָר הערינג אויפ'ן טיש, אייער־קיכלעך און נאָך קליניגקייטען).

די מוטער: נא, אָט האָסטו די גאַנצע חתונה... קיין רעשט איז נישט געבליבען... איך געה אַוועק. (מיט רוגזא) רעם מזל־טוב גיב איך אייך, קינדערלעך, שוין אָב.

ביילסע (שעמעוודיג): פאַרוואָס זאָלט איהר אוועק־געהן? זייט בעסער דאָ...

די מוטער: צו אַזוינע חתונות בין איך ניט געוועהנט געוואָרען... קיין רב וועט אפילו ניט זיין, וועה איז מיר...

ברוך: על פי דין איז גענוג צוויי עדות. זיי וועלען קומען.

די מוטער: דיינע עדות... מילא, טהוט, קינדערלעך ווי איהר פערשטעהט — מסתמא ווייסט איהר דאָך בעסער.

ברוך: יאָ, מאַמע, מיר ווייסען בעסער.

ביילקע (שטאַרק פערשעמט): פונדעסטוועגען בלייבט...

די מוטער: ניין, טאָכטערקע, איך וועל געהן צום פעטער לייבען זיצען א פּאָר שעה.

ברוך: דערצעהל איהם נאָר קיין מעשיות ניט..

די מוטער: ס'איז מיר א חרפּה צו דערצעהלען, א חרפּה צו שווייגען (אָב).

ביילקע: אוי, מיר פערדריסט אזוי, וואָס זי איז אוועק... אויף איהר איז אזא רחמנות...

ברוך (ערנסט): וואָס זאָל מען טהאָן?

ביילקע: מ'האָט געדאַרפט דאָס מאכען בשתיקה און נאָכדעם אויסזאָגען.

ברוך: אלץ איינס. מילא, זי וועט שוין מרוצה ווע־רען. זי איז שוין צו אלץ געוועהנט געוואָרען (פרעהליך) נעהם באַסער, כלה־לעבען — גרייט צו די וועטשערע. באלד וועלען

דאַך קומען די פּאָר מחותנים... מאַך, כלה־לעבען, די הערינג... שעהם זיך ניט...

ב י י ל ק ע : אוי, וועה, מיין מאַמע וואָלט דאָס גע־וואוסט... (פערטראַכט זיך), וואו וועל איך טאַקע היינט נעכ־טיגען?...

ב ר ו ך : אַ, דו נאַרישע כלה! וואָס הייסט וואו? טאַקע דאָ ביי מיר...

ב י י ל ק ע (שטאַרק פערשעמט) : און וואָס וועט די מאַמע זאָגען?

ב ר ו ך : וואָס הייסט — די מאַמע? מיר ווערען דאָך עפּעס, ווי דער עולם רופט עס — מאַן און ווייב.

ב י י ל ק ע : פוי, מאַן און ווייב — ווי גראָב! רעד ניט אזוי, ברוך.

ב ר ו ך : ווי דען ווילסטו?

ב י י ל ק ע : ווי ביז אהער — אָהן אַ נייעם נאָמען.

ב ר ו ך : טאָ פאַרוואָס ווילסטו חתונה האָבען?

ב י י ל ק ע : איך וויל דען?... איך מוז... דו ווייסט דאָך, אַז איך מוז... (ווערט שטאַרק רויט, קערט זיך אום צום וואַנד)

ב ר ו ך : יאָ, יאָ... (פערטיעפט זיך). הייסט עס נאָך דער חופּה מעג מען שוין... אוי, די משוגעים, די משוגעים...

(עס הערען זיך שטימען הינטער'ן טהיר).

ב י י ל ק ע : אוי, מען געהט...

ב ר ו ך : אודאי, מיינע חברים...

(עס געהען אַריין דריי יונגע ליט: חיים, לייביל און גע־ציל. אַלע זעהען אויס ווי אינטעליגענטע אַרבייטער. אַביסעל פער־פוצט).

## דריטע סצענע.

ל י י ב ע ל (ברייטלעך) : גוט'ן אָוועגד! — מזל־טוב! מזל־טוב!

חיים: יאָ, יאָ, — מזל־טוב! מזל־טוב!

געציל (זינגענדיג מיט דעם בעוואוסטען נגון): חתן־כלה מזל־טוב. מזל־טוב!...

ביילקע (צו געצלען): איך בעט אייך, הערט אויף.

ברוך: די כלה שעמט זיך...

ביילקע (מיט אַ געמאַכטען כעס): איך בעט דיך רוף מיך ניט כלה...

געציל: וואָס דען זענט איהר — א חתן? נו, כלה־לעבען, קומט אהער, — איך וועל אייך בעזעצען.

חיים (לוסטיג ווערענדיג): אי, טאקע, לאָמיר זי בעזעצען.

לייבעל (אויך פרעהליך): ווי דען — אודאי בעזעצען, און דו, געציל — קאָנסט דאָך גראמען זאָגען — זיי דער בדחן.

געציל (שטעלט זיך אויף און זינגט מיט'ן סקארבאָוועז נגון):

כלה — קרוין,
בעטראכט זיך מיט חן.
דארפסט באלד,
צו דער חופה געהן,
איינע אליין...

ביילקע (ווערט אומעטיג): איך בעט אייך, מאכט זיך ניט נאריש.

ברוך: נו, ווי געפעלט אייך די כלה? איהר שטימונג איז טאקע העכסט ערנסט, א מין יום־הדין ביי איהר היינט.

געציל (אין אַ קאָמישער פּאָזע):

בעטראכט, כלה־לעב, מיט זין,
היינט איז ביי דיר דער יום־הדין...

ביילקע: נו, געציל, הערט אויף, איך בעט אייך.

ל י י ב ע ל : טאקע געגוג. חתן־כלה האָבען אודאי היינט געפאסט און עס חלש׳ט זיי דאָס הארץ — לאָמיר זיך זעצען צו דער חופה־וועטשערע.

ג ע צ י ל : וואָס הייסט? פאר דער חופה?

ב ר ו ך : מאך טאקע, ביילקע, די הערינג מיט די פער־בייסען.

ל י י ב ע ל : אודאי — ביילקע דארף זיך איצט לערנען זיין א בעל־הבית׳טע.

ח י י ם : און דער ערשטער „אוראַק" איז פון הערינג. אונזער ערשטע און אונזער לעצטע געריכט.

ב ר ו ך (ערנסט) : נישקשה, ביילקע וועט זיין א בעל־הבית׳טע, זי וועט מיר קאָכען גוטע ווארעמעסען, איך האָף!

ג ע צ י ל (שפּאָטיש) : יאָ, יאָ, ביי היינטיגע גוטע צייטען קאָן מען האָפען אויף גוטע ווארעמעסען.

ב י י ל ק ע : אוי, איך בעט אייך, רעדט ניט דערפון — איך קאָן ניט הערען. לאָז מען שוין מאכען די צערעמאָניע און גענוג.

ב ר ו ך : זאָל איך אזוי וויסען פון בייז, ווי איך ווייס, ווי אזוי מען הויבט דאָס אָן.

ג ע צ י ל : דו ביזט נאָך ניט געניט א פּנים אין חתונה האָבען.

ל י י ב ע ל : איך האָב אמאָל געלערנט „חיי אָדם" ווייס איך א דין... מען נעהמט...

ח י י ם (האקט איבער) : קודם כל דארף מען בעזעצען די כלה.

ב ר ו ך : וואָלט האָטש געווען א חבר׳טע איהרע... (צו ביילקע׳ן) : פארוואָס האָסטו ניט איינגעלאדען פון דיינע חבר׳טעס ווען ס׳איז?

ב י י ל ק ע : טאקע, א נארישקייט. איך האָב מיך גע־שעמט.

ח י י ם (ערנסט) : אַט, צו וואָס דאַרף מען האָבען די אַלע גליקען. נעהם א מטבע, עפּעס א זילבערנע, און זאָג „הרי את" און פאַרטיג אַן עסק.

ב ר ו ך (פערלעגען) : א מטבע... (טאַפּט אין די טאַשען) די מאַמע האָט מיר פון רובל קיין רעשט ניט געבראַכט.

ב י י ל ק ע : איך וויל נישט מיט א מטבע.

ג ע צ י ל : זי וויל ניט! און אז זי וויל יאָ — אז ער האָט ניט.

ב י י ל ק ע (מאַכט זיך ניט הערענדיג) : איך וויל מיט א רינגעלע...

ב ר ו ך : וואָס דאַרפסטו דאָס רינגעל? — ווער האָט א רינגעלע?

ג ע צ י ל (ווי אין א זייט) : און א מטבע האָט ער דען?

ל י י ב ע ל : איך האָב געלערנט „חיי אדם" און קאָן אייך פסק'ענען נאָך א שאלה : עס איז רעכט מקדש צו זיין מיט א קוש...

ב י י ל ק ע (פערשעהמט) : נו, נו, — הערט אויף איי־ערע שטיק.

ג ע צ י ל : אוי, אויב מיט א קוש, האָב איך שוין א סך ווייבער.

ב י י ל ק ע : איהר זענט א גראָבער מענש.

ג ע צ י ל : וואָס זאָגט מען צו איהר? — נאָך פאַר דער חופּה איז זי שוין אַזאַ צנועה (צו ברוך'ן) ברוך, קויף איהר א ש"ס תחינות.

ב י י ל ק ע : ניט דערלעבען וועט איהר, אז איך וועל לייענען תחינות.

ג ע צ י ל : אַ, מיר קענען אייך! נו, זייט טאַקע אַן אויפגעקלעהרטע און זאָל ער אייך מקדש זיין נאָר מיט א קוש...

ב ר ו ך : נו, ביילקעלע, זיי אויף צו־להכעיס — טאקע מיט א קוש (געהט צו צו איהר און וויל זי קושען).

ב י י ל ק ע (לאָזט זיך ניט): לאָז אָב, ברוך.

ג ע צ י ל : זי פערשטעהט אַן עסק, — א קוש איז גוט אונטער פיער אויגען...

ח י י ם : נו, בכן, לאָז מען שוין מאכען די צערעמאָניע.

ב י י ל ק ע : טאָקע אזוי...

ח י י ם : איך וויל טאָקע נעהמען אביסעל בראנפען.

ל י י ב ע ל : איך אויך.

ג ע צ י ל : און איך אודאי.

ב י י ל ק ע (פריינדליך): אביסעל בראָנפען קאָן מען נעהמען פאר דער צערעמאָניע.

ב ר ו ך : איך מיין אויך אזוי. ביילקע, דערלאנג די בראנפען מיט'ן צובייסען.

ב י י ל ק ע (דערלאנגט אויף איין טעלער די הערינג, אויף א צווייטען קיכלעך) : אָט האָט איהר אלץ.

ג ע צ י ל : די גאנצע חופה־וועטשערע! וואויל ווי די וועלט! און קיין דרשה־געשאנק דאַרף מען אויך ניט געבען.

ח י י ם : וואָס הייסט עפּעס ניט? אודאי געבען. ווארט א וויילע, ברידער, איך קום גלייך צוגעהן.

ב י י ל ק ע : וואוהין?

ב ר ו ך : וואוהין געהסטו, חיים?

ח י י ם : אָט די מינוט קום איך (לויפט ארויס).

ג ע צ י ל : ס'א דאגה — זאָל ער געהן. ווארטען אויף איהם וועלען מיר ניט!

ב י י ל ק ע : ניין, מען דאַרף טאָקע ווארטען.

ג ע צ י ל : אבער א קליין שטיקעלע הערינג מעג איך נעהמען.

ב י י ל ק ע (ליעבליך) : יאָ, דאָס מעגט איהר.

ג ע צ י ל (צוגעהענדיג צום טיש) : נאָר א קליין שטיקעל.

ב ר ו ך : אפילו צוויי.

ג ע צ י ל (עסט) : וואויל ווי די וועלט! אזוינע הערינג קריגט מען ניט אויף דעם גרעסטען גביר'ס חתונה.

ב י י ל ק ע : לאכט ניט, איך בעט אייך...

(עס הערען זיך טריט, חיים קומט אריין).

ח י י ם (מיט א שטראהלענד געזיכט) : דרשה־געשאנק גיט מען אפילו ביי דער וועטשערע, נאר עס מאכט ניט, — נא, ברוך, אט האסטו א רינג און זיי איהר מקדש...

ב י י ל ק ע (פרעהליך) : זעהר גוט! זעהר גוט!

ב ר ו ך (נעהמענדיג דאס רינגעל) : צו וואס דארף מען די נארישקייט?

ב י י ל ק ע (שטרענג) : מען דארף, מען דארף!

ג ע צ י ל : מילא, אז ס'איז שוין דא א רינגעלע, זיי איהר, ברוך, מקדש און פטור אן עסק.

ב ר ו ך (אביסעל צוטראגען) : נו, ביילקעלע, קום אהער, גיב אהער דיין הענטעלע.

ב י י ל ק ע (געהט צו נאהנט, שטרעקט אויס דעם פינגער פון דער רעכטער האנד) :

ל י י ב ע ל : קאנסטו די ברכה?

ב ר ו ך : ס'איז רעכט אהן א ברכה.

ב י י ל ק ע : ניין, איך וויל טאקע מיט א ברכה, ווי גע־העריג איז...

ב ר ו ך : א פנים אין רינגעל גלויבסטו מעהר ווי אין מיר... זאל זיין מיט א ברכה: „הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל“.

ג ע צ י ל : וואויל ווי די וועלט! מזל־טוב! מזל־טוב!

ח י י ם : מזל־טוב! מזל־טוב!

ג ע צ י ל (מאכענדיג א כוסה) : איצט, חתן־כלה, צוקושט זיך.

ב ר ו ך (מיט א שמייכעל) : אז זי וויל ניט.

ג ע צ י ל : זי וויל, זי וויל!

ב י י ל ק ע (געהט צו צו ברוך׳ן) : איצט יאָ (זיי נעהמען זיך אַרום און עס דערהערט זיך אַ לאַנגער קלינגענדער קוש).

ג ע צ י ל : אוי, ווי זים! פערזופט מיט אביסעל בראָנ־פען!

ב ר ו ך (נעהמט אַ כוס אין האַנד) : לחיים, ברידער, לחיים! (טרינקט).

(געציל, לייבעל, חיים טרינקען, זיי ווערען וואָס ווייטער פרעהליכער, איבערהויפט חיים. ער געהט צו צו ביילקע׳ן און וויל זי ארומנעהמען און קושען זי).

ב ר ו ך : ניין, חיים, — דאָס רינגעלע איז טאקע דיינס, אָבער די ברכה האָב איך געמאכט און ביילקעלע איז מיינע...

ב י י ל ק ע (פרעהליך) : יאָ, דיינע, דיינע!

ח י י ם : נו, איך האָב נאָך קלייגעלד צו קויפען א רינ־געלע, איך וועל שוין האָבען וועמען צו קושען...

ג ע צ י ל (שכור׳לעך) : יאָ, וועסט האָבען, וועסט האָ־בען... אבי א רינגעלע און א ברכה...

(פאָרהאַנג).

## פערזאנען:

**באָרים**, אַ יונגער בחור פון 25 יאָהר, אַ הויכער ברונעט,
אַ פּריקאַזשציק.
**בערטא**, אַ מיידעל פון 22 יאָהר, אַ שניידערין.
**שרה**, אַ שטוב־מיידעל.
**זעלצער**, אַ פּריקאַזשציק, באָריסעס אַ קאָלעגע.

די סצענע קומט פאָר אין ווארשע.

## ע ר ש ט ע ר  א ק ט.

די סצענע שטעלט פאָר אַ קליין־ציכטיג־צימער, ביי איין וואנד שטעהט אַ בעט, איבערגעצויגען מיט אַ ווייס־לייד לאַך; ביי דער וואנד, צום פענסטער, וואָס געהט אַרויס צו דער גאַס, שטעהט אַ קליין טישעל, מיט צוויי שטוהלען. אויפ'ן פענסטער שטעהען צוויי ריינע אויסגעווישטע גלעזער, אין איין גלאָז ליעגט אַ טהיי־לעפעלע, עס ליעגט אַ האַלב לעבעלע ווייס ברויט, אַ האַלבע זעמעל און אַ בי־בעל פערגאָסען מיט טינט. אויף דער וואנד הענגט עפּעס אַן איליוסטראציאָן פון „ניווא“, וואָס שטעלט פאָר, ווי אַ יונג מיידעל קלויבט בלומען אין פעלד, און אַ קליינע פאָטאָגראפיש בילד פון אַ יונג־מיידעל, געפּאסט אין אַ הילצערנעם רעמעל.

ב אַ ר י ס (לויפט אַריין איילענדיג און צוטראָגען, וואַרפט אַראָב דעם הוט אויף דר'ערד און דאָס שטעקעל לעגט ער אַוועק אויפ'ן טיש, באַלד פערכאַפּט ער זיך און הייבט אויף דעם הוט פון דר'ערד און לעגט עס אויפ'ן בעט, און דאָס שטעקעל נעמט ער צו פון טיש און שטעלט אַוועק אין ווינקעל צימער. ער לאָזט זיך געהן הין און צוריק איבער'ן צימער און רעדט פאר זיך) : שוין נאָך צעהן. זי האָט שוין געדארפט קומען (ער שטעלט זיך אָב און קוקט צום פענסטער). אויף איהר א קשיא, זי קען אמאָל קומען צוועלף, (שווייגט) זי רויבט מיר מיין רוה, קראנק וועל איך פון איהר ווערען. (ער קרעכצט) פרעג וואָס האָב איך אין איהר אזוינס דערזעהען ? א מיידעל, ווי אַלע, נאָר עס ציהט מיך עפּעס אזוי

צו איהר, אַט וואָלט איך דאכט זיך דערשטיקט זי אין מיינע אָרעמס! (ער שפּרייט אויס די הענד, ווי ער וויל עמיצען ארומ־נעהמען) זי האָט אַזוינע שעהנע אויגען!... אַזוינע שווארצע... אַז זי הייבט זיי אויף אויף מיר, דאכט זיך מיר, אַז איך ווער פערברענט... זי האָט מיך געפּאַקט!... (פּויזע) שוין נאָך צעהן, זי וועט שוין ניט קומען, איהר פערדרעהט דאָך גיך דער מח: אודאי אין טהעאטער מיט עמיצען אוועק געלאָפען!... ווער עס נעהמט פאר איהר א בילעט מיט יענעם געהט זי! פאר טהעאטער וואָלט זי זיך געהאנגען... געהט עס צום טייוועל! זאָל זי ניט קומען. אין צוויי טעג פערגעס איך זי!... (ער הערט זיך צו צו דער טהיר) שא, דאכט זיך איהרע טריט... (ער עפענט נערוועז די טהיר און עס בעווייזט זיך דאָס שטוב־מיידעל).

ד אָ ס ש ט ו ב ־ מ י י ד ע ל : איהר דארפט עפּעס? איך געה אין געוועלב.

ב אָ ר י ס : יאָ, יאָ איך דארף! גוט וואָס איהר האָט מיך דערמאָהנט! (נעהמט ארויס דאָס בייטעלע פון טאַש) איהר וועט מיר ברענגען... (ער פארטראכט זיך).

ד אָ ס ש ט ו ב ־ מ י י ד ע ל (בייז) : גיכער שוין! איך האָב קיין צייט ניט, די „בעל הבאָנדזיע“ זאָגט אַזוי אויך, אַז איך ארבייט פאר אייך מעהר ווי פאר איהר. אי א באַלע־באָנדזיע!

ב אָ ר י ס : איהר וועט מיר ברענגען פון קאָנדיטעריי א פּאָר קוכען, אָבער פון די גוטע... נאט אייך געלד.

ד אָ ס ש ט ו ב ־ מ י י ד ע ל : און מעהר גאָר נישט?

ב אָ ר י ס : ניין.

(דאָס שטוב־מיידעל לאָזט זיך צו דער טהיר).

ב אָ ר י ס : שרה, שרה!

ד אָ ס ש ט ו ב ־ מ י י ד ע ל (קעהרט זיך אום) : נו, רבונו של עולם, וואָס ווייטער?

באַריס: נאַ דיר נאָך אַ גילדען און קויף עטליכע זעמעל מיט וואורשט... צוקער האָב איך, טיי דאַכט זיך אויך...
(דאָס שטוב מיידעל געהט ארויס).

באַריס (אַליין): טאַמער קומט זי פאָרט, די משוגע־נע, און איהר פערוויילט זיך עסען..., אפילו אַ שאָד דאָס געלד, עס וועט מיר מאָרגען אויף מיטאָג פעהלען... נאָר וואָס טהוט מען מיט איהר? זאָל זי ניט זאָגען, אז איך בין אַ „קבצן“... ביי איהר איז אַ קבצן ערגער, ווי גע׳שמדט... „ביזטו אַ קבצן. זאָגט זי, וויל איך מיט דיר קיין געשעפטען ניט האָבען“... (עס דער־הערען זיך טריט, באַריס דערקענט איהרע טריט). זי געהט! זי געהט!

(עס עפענט זיך די טהיר און עס לויפט אַריין בערטאַ מיט אַ פרעהליך שיינענדיג פּנים, אין אַ לייכטען זומער אַנצוג, מיט אַ זאָנטיק אין דער האַנד. פון איהרע בעוועגונגען בלאָזט אין צימער ווי אַ ווינד, זי דערלאַנגט באַריסען די האַנד, גיט איהם נאָכדעם לוס־טיג אַ שטויס און זעצט זיך לאַכענדיג אַוועק).

בערטע: איהר ווייסט, באַריס, וואָס מען גיט מאָרגען אין טהעאטער?

באַריס (פאַר זיך): שוין ווייטער מיט איהר טהעא־טער (צו בערטען) וואָס?

בערטע: אַאידאַ! — מיין געליעבטעסטע אָפּערא. קרושעלניצקע שפּיעלט אַאידאַ מיט באַטעסטינען... איך געה מאָרגען נעפּרעמענאַ! אויף אַאידאַ ניט געהן — אַ פיינע זאַך! איהר וועט דאָך אויך געהן — האַ?

באַריס (פערלעגען): איך וועל געהן... איך וועל געהן! אודאי געהן! ווי דען?

בערטע: ניט אַנדערש, ניט אַנדערש! איהר מוזט געהן, סיידען איהר ווילט זיך מיט מיר מעהר ניט זעהן...
(זי קוקט איהם לאַכענדיג אין די אויגען).

באַריס: בערטע! וואָס ווילסט דו?

ב ע ר ט ע : וואס איז אייך, באַרים! חאַ־חאַ־חאַ! מיין געליעבטער!

ב אַ ר י ס (נעהמט זי אָן מיט ליעבשאַפט פאַר דער האַנד): אַ בילעט האָסט דו?

ב ע ר ט ע : אויך מיר אַ זאַרג — אַ בילעט! פינקעל־שטיין וויל מיר נעהמען אַ בילעט, נאַר איך וויל ניט. איך וויל, אַז איהר זאָלט מיר נעהמען, איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר נעה־מען...

ב אַ ר י ס (מיט שטראַהלענדע אויגען): דערפאַר וואָס דו האָסט געזאָגט „דו", נעהם איך דיך...

ב ע ר ט ע (לאַכענדיג): איהר וועט מיך נעהמען.

ב אַ ר י ס (לאַכט): יאָ, יאָ... (וויל זי קושען).

ב ע ר ט ע (שטויסט איהם אָב): דאָס טאָר מען ניט.

ב אַ ר י ס : פאַר וואָס?

ב ע ר ט ע : עס איז נאָך צו פריה.

ב אַ ר י ס : ווען דען יאָ?

ב ע ר ט ע (לאַכענדיג): שפּעטער, שפּעטער, ווען איהר וועט ווערט זיין!

ב אַ ר י ס (מיט ברענענדע אויגען): פאַרט ווען? רעד ווערטער...

(עס עפענט זיך די טהיר און עס געהט אַריין דאָס שטוב־מיידעל).

ש ט ו ב - מ י י ד ע ל (צו באַריסען): נאַט אייך. דאַ האָט איהר דאָס.

ב ע ר ט ע (וויקעלט פאַרנאַנדער די פּאַפּיערען): זעהר גוט, כ'וויל טאַקע עסען!

ש ט ו ב - מ י י ד ע ל : עס איז ניט פאַר אייך.

ב ע ר ט ע (ווענדענדיג זיך צו באַריסען מיט אַ שמייכעל): עס איז ניט פאַר מיר, באַרים?

ב אַ ר י ס (רויִק ווערענדיג): פאַר אייך, פאַר אייך! עסט געזונטערהייט, זאָל אייך וואויל בעקומען!

ד אַ ס ש ט ו ב ־ מ י י ד ע ל (אונטער דער נאָז): סאַ־ ראַ מיין גוט־לעבען! פונקט ווי נאָך דער חתונה... (זי געהט אַרויס).

(בערטאַ הויבט אָן עסען און באָריס קוקט אויף איהר מיט פייערדיגע בליקען).

ב אַ ר י ס: בערטע, זאָג וואָס וועט זיין די ענדע?

ב ע ר ט ע (עסענדיג): די ענדע וועט זיין זעהר גוט: איך וועל פריהער אָבעסען, טיי וועט דאָך מסתמא אויך זיין, וועל איך פערטרינקען, און וועל געהן א היים זיך לעגען שלאָפען.

ב אַ ר י ס: און ווער וועט זיך דיר חלומען?

ב ע ר ט ע (שמייכלענדיג): דו געוויס ניט!

ב אַ ר י ס: אפשר יאָ!

ב ע ר ט ע: געוויס ניט!

ב אַ ר י ס: פאַר וואָס?

ב ע ר ט ע: ווייל איך טראַכט וועגען דיר קיינמאָל ניט.

ב אַ ר י ס: דאָס איז א ליעגען.

ב ע ר ט ע: אָן אמת!

ב אַ ר י ס (נאָך אַ קליין־שווייגען): בערטע! גענוג דיר צו שפּאַסען!

ב ע ר ט ע: איך האָב פיינד צו זיין ערנסט!

ב אַ ר י ס: עס מוז דאָך נעהמען אָן ענדע.

ב ע ר ט ע: אדרבא.

ב אַ ר י ס (פרעהליך): נו, כאָטש מאָרגען.

ב ע ר ט ע (שמייכלענדיג): לעגט אָב אויף איבער מאָר־ גען: מאָרגען איז מאָנטאַג — ניט קיין מזל'דיגער טאָג... (לאַכט)

ב אַ ר י ס (אויפגערעגט): בערטע, בערטע! גענוג צו שפּאַסען! איך קען אָהן דיר א טאָג ניט לעבען... זאָג מיר דעם אמת, האָסט מיך ליעב?

ב ע ר ט ע (ערנסט): ליעב.

ב אָ ר י ס (אויפגעלעבט): אַ, מיין טייערע!... (וויל איהר פאַלען אויפ׳ן האַלז)

ב ע ר ט ע (פעריזאָרגט): אייל זיך ניט, מיין ליעבער! אמת איך האָב דיך ליעב, אָבער דאָך...

ב אָ ר י ס (נייגעריג): ערקלעהר מיר דעם „דאָך"...

ב ע ר ט ע (נאָך אַ קורצער פּויזע קוקט איהם טיעף אין די אויגען אריין): זאָג מיר, באָריס, די וואָרהייט, וויפיעל פּער־דיענסטו אַ מאָנאַט.

ב אָ ר י ס (פערלעגען): איך פערדיען ניט שלעכט... הייסט דאָס זאָגען גאָר אַ סך קען איך ניט... איך פערדיען 40 רובעל אַ חודש, און אמאָל מעהר...

ב ע ר ט ע (לאַכט): און אמאָל וועניגער...

ב אָ ר י ס (בעלעדיגט): וויינינגער קיינמאָל ניט.

ב ע ר ט ע: און פאַר 40 רובעל אַ חודש ווילסטו איך זאָל דיך ליעבען!...

ב אָ ר י ס (פערקרימט זיך): פע, בערטע! אזוי איז ניט שעהן צו רעדען, ווי קומט ליעבע צו געלד? מיר וועלען אָהן געלד גליקליך זיין... וועלכע פערליעבטע קוקען דאָס אויף געלד?

ב ע ר ט ע (שמייכלענדיג): נארעלע! וואָס איז זיך דאָ צו נארען! ראָמאַנען לעז איך טאַקע אלע שבת גלייך מיט דיר. איך וויים אָבער, אז די ראָמאַנען־מאכער זיינען גרויסע ליגנער, די „מעשיות" טראַכטען זיי אוים פון קאָפּ.

ב אָ ר י ס (אומעטיג): דו גלויבסט גאָרנישט אין ליעבע?

ב ע ר ט ע: איך גלויב ניט אין שדים און מתים (לאַכט).

ב אָ ר י ס: ביזט אַ האַרטע!

ב ע ר ט ע: וואָס דען האָסטו געוואָלט? איך זאָל זיך לאָזען קנעטען ווי טייג... אַ ווייכינקע! איך האָב פיינד ווייכינקע!

**ב אַ ר י ס** (געהט אום הין און צוריק איבער'ן צימער, ענד־ליך שטעלט ער זיך אַוועק געגען בערטען, לעגט ארויף די האַנד אויף איהר פּלייצע און זאָגט): הער, בערטע — איך ווייס דאָך, דו ווילסט גוט לעבען, דו ווילסט קיין נויט ניט ליידען, דו ווילסטו פערגניגען האָבען. ווילסט לעבען ווי אַ יונגער מענש דאַרף לעבען, — איך שווער דיר, אז מיט מיינע לעצטע כחות וועל איך דיר זעהן צופריעדען שטעלען, וועסט גליקליך לעבען... גליקליך...

**ב ע ר ט ע** (טראכט אַ ווײַלע): ווייסטו גאָר וואָס? צו וואָס דאַרפסטו מיר שווערען, ווי א אידענע, און איך זאָל קלע־רען: צי גלויבען דיר צי ניט — בעוויז עס פאקטיש...

**ב אַ ר י ס** (אויפגעלעבט): אודאי וועל איך עס בעווייזען, וועסט גליקליך זיין.

**ב ע ר ט ע**: ווען?

**ב אַ ר י ס**: גלייך ווי מיר האָבען חתונה.

**ב ע ר ט ע**: און, טאָמער ניט, וועל איך זיך מיט דיר געהן גט'ן!... ניין! נארעלע — דאָס וועט מיר ניט לוינען. א גרושה איז שוין ניט אזאַ סחורה ווי א מיידעל... און א גרושה וועסטו זיך ניט פערליעבען אזוי שטארק...

**ב אַ ר י ס**: איז וואָס־זשע ווילסטו?

**ב ע ר ט ע**: דו זאָלסט א מאכען א רעפּעטיציע...

**ב אַ ר י ס**: וואָס הייסט עס?

**ב ע ר ט ע**: איך וועל דיר ערקלעהרען, הער נאָר מיט קאָפּ! אין טהעאטער ביזטו דאָך געווען. האָסטו געזעהן ווי אזוי אויפ'ן סצענע שפּיעלט יעדער אקטיאר זיין ראָליע געשיקט און קלוג... פון וואנען קען ער עס? ווי אזוי געהט עס צו ביי איהם אזוי גלאט און פיין, אז דאָס פּובליקום קוועלט גאָר אָן... פון וואנען, ווייסטו?

**ב אַ ר י ס**: אודאי ווייס איך: זיי זיינען געראָטענע מענשען, טאלאנטען...

ב ע ר ט ע : גערעטענקייט און טאלאנט איז נאך ווייניג... מען דארף האבען פראקטיק אויך. פראקטיק איז דער עיקר... די אקטיארען געהען ניט גלייך אויפ'ן סצענע שפיעלען פאר'ן פובליקום, נאר זיי מאכען א צייט פריהער רעפעטיציעם— פערשטעהסט? און ביז וואנען די רעפעטיציע גיט זיך ניט איין, האבען זיי קיין העזה ניט ארויס צו געהן אויפ'ן סצענע פאר'ן פובליקום...

ב א ר י ס (פערוואונדערט) : קענען וואס זאגסטו דאס...

ב ע ר ט ע (ערנסט) : איך זאג עס קענען חתונה האבען; דאס איז א שווערע דראמע, פערשטעהסט, און א דראמע ניט אויף א נאכט, נאר אויפ'ן גאנצען לעבען... און דו ווילסט גלייך אנהויבען שפיעלען, גאר אהן רעפעטיציע! אזא חוואט ביזטו...

ב א ר י ס (פערלעגען) : איך פערשטעה אלץ ניט...

ב ע ר ט ע : איז טאקע ניט גוט... איך פערשטעה בעסער פאר דיר, האטש איך האב לאנגע האר און קורצען שכל... הער באריס! קיין נדן האב איך ניט, און טאמער װאלט איך האבען, וואלט איך דיר אויך א פייג געגעבען... ווי אזוי ועסטו זיך איינארדנען? ווי אזוי וועסטו דינגען א וואהנונג, צו ווענינגסטענס פון דריי צימערן? וואו וועסטו נעהמען א טיש, בעטען, שטוהלען אן אלמער, א קאמאד און נאך? האסט אפשר א רייכע משפחה?

ב א ר י ס (פעסט) : עס וועט אלץ זיין...

ב ע ר ט ע : נו, אדרבא בעוויז... מאך א רעפעטיציע: דינג א וואהנונג האטש אויף א חודש. גיעב מיר אלע טאג געלד פיהרען דאס הויז, איין מאל אין וואך נעהם מיר אין טהעאטער, אויב דו וועסט אויסהאלטען אזוי א חודש ביז איך דיינע, ביזטו א טאלאנט און קענסט שפיעלען אזא שווערע דראמע.

ב א ר י ס (לאכט כלומר'שט) : אן איינפאל אביסעל... הא־הא־

חאַ! אַ רעפּעטיציע, ווי אַזוי צו לעבען נאָך דער חתונה... מיינסט עס ערנסט?...

בערטע: נאָר ניט דאָס, וואָס דו מיינסט... אין אַ רעפּיטיציע לאָזט מען קליינינקייטען דורך...

באָריס: איך מיין ניט קיין בייז, מיין קלוגע בער־טעלע... איך וויים וואָס אַ רעפּעטיציע בעדייט.

בערטע: אויב דו ווייסט איז גוט, נאָר טאָמער וואָלסטו ניט געוואוסט, ווייס איך... נו, איז וואָס בלייבט? נעמסט זיך אונטער צו מאַכען אַ רעפּעטיציע?

באָריס: אָח, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען... מאָרגען הייב איך אָן, וועסט מיר העלפען? יאָ, בערטעלע?

בערטע: קויפען וועל איך און דו וועסט געלד געבען...

באָריס: גוט—גוט...

בערטא: אַלזאָ בלייבט עס אַזוי?

באָריס איך בין גרייט...

בערטע: געדענק־זשע זאָלסט אויספיהרען...

באָריס: איך בין זיכער...

בערטע: נו, געה איך יעצט אוועק, אַ גוטע נאַכט (זי דערלאַנגט איהם די האַנד).

באָריס (וויל זי אַ קוש טהאָן, בערטא שטויסט איהם אָב און פליהט אַרויס).

באָריס (אליין): נו אַ קאָפּ! זאָל זי!.. (ער שמויכעלט) איך וועל עס אויספיהרען! יאָ, יאָ! אַ רעפּעטיציע! חאַ־חאַ־חאַ!... נו, אַ קאָפּ!... זאָל זי!...

(פאָרהאַנג).

## צווייטער אקט.

(די סצענע שטעלט פֿאָר אַ גרויס מעבלירט צימער, אין מי־טען שטעהט אַ קײַלעכדיגער טיש, ארום איהם פיער שטוה־לען, ביי אַ וואַנד — אַ ווייכע קושעטקע, רעכטס פון צי־מער געפינט זיך אַ טהיר, וואָס פיהרט אין נאָך אַ קליין צימערל, באָרים געהט אום הין און צוריק איבער'ן צימער, רייבט דעם שטערן, מאַכט צו די אויגען, עפענט זיי, בע־טראכט אַ שטוהל, דעם טיש און ברומט אַלץ: ניין, ניין. עס הערט זיך קלאפען אין טהיר. באָרים שטעלט זיך מיט'ן פנים צו דער טהיר און פרעגט אונרוהיג):

באָרים: ווער איז דאָרט?

אַ גראָבע שטימע: איך.

באָרים (ליכטער אָבעטהעמענדיג): זעלצער? געה אריין!

(עס געהט אַריין אַ יונגער מענש פון 25 יאָהר, אָרים, אָבער ריין און פראנטיש געקליידט. ווארפט אום זיינע בליקען איבער'ן צימער, קוועטשט מיט די פּלייצעס און פרעגט):

זעלצער: וואָס בעדייט עס אַלץ, באָרים?

באָרים: זעץ זיך, איך וועל דיר דערצעהלען. נאר איילי זיך ניט.

זעלצער: וואָס זעהט מען דיר עס ניט ערגעץ, ביזט אַ גביר געוואָרען — דיר שטעהט שוין ניט אָן צו האָבען גע־שעפטען מיט אונז, קבצנים?

באָרים (מיט איראָניע): עס קען זיין.

זעלצער: שוין לאנג, אז דו וואָהנסט אין אזא ריי־כען צימער?

באָרים: שוין אַ מאָנאט (זיפצט).

זעלצער: וואָס־זשע זיפצסטו, גוטער ברודער? דאכט

זיך חוץ דיין שאַדען אויף מיר געזאָגט געוואָרען...

באַרים (טאַפּט זיך די טאַש): האָסט אפשר א פּאַפּי־ראָס.

זעלצער: גראָדע ניט — איך האָב געוואָלט ביי דיר בעטען. פון אַלע גליקען האָסטו ניט קיין פּאַפּידאָס, הייסט עס...

באַרים: איך בין אַ גרויסער בעל־הוצאה. איך האָב דאָך שוין אַ ווײַ...

זעלצער: אַ וואָס?

באַרים: גאָר נישט (געהט איבערן צימער).

זעלצער (קוקט זיך אום): זאָג מיר, וואָס איז דאָר־טען פאר א שלאָפצימעריל?

באַרים (אין פערלעגענהייט): גאָר נישט... גאָר נישט....

זעלצער: נו, אויב דו האָסט פאר מיר סודות וויל איך מיט דיר ניט רעדען — אַדיע! (ער שטעלט זיך אויף און שטרעקט אוים די האַנד).

באַרים: זיי ניט קיין נאַר! (האַלט איהם אָב) וואָס ווילסטו וויסען? דאָ איז קיין סודות ניטאָ, א צרה איז דאָ יע פאַרהאַן, אבער ניט קיין סוד... א גרויסע צרה...

זעלצער: דערצעהל דעם סוד, דיין צרה — אבי דערצעהל.

באַרים: קאָנסט דאָך בערטהען?

זעלצער: נו? וואָס איז דאָ די צרה? דאכט זיך א גאַנץ וואָהל מיידעל...

באַרים: איך האָב אויך אזוי געמיינט... פערקעהרט— איך האָב געמיינט, אז קיין גרעסערעס גליק איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, ווי צו האָבען חתונה פאר אזא מיידעל ווי בערטהע איז.

זעלצער (ערשטוינט): דו האָסט מיט איהר שוין חתונה געהאט?

באריס: שרעק זיך ניט... איך קען נאך חרטה האָ־בען... עס איז נאָר א רעפּעטיציע!...

זעלצער: ווי הייסט א רעפּעטיציע?

באריס: פּשוט א רעפּעטיציע ווי צו געבען א ווייב ברויט עסען, א דירה און נאָך אזעלכע זאכען...

זעלצער (לאַכט): אן איינפאַל, ווי איך בין א איד, וועמעס אויפטהו איז דאָס? מסתמא איהרער — דאָס איז א קעפּעלע!...

באריס: וואָס דען האָסטו גערעכענט, אז עס איז מיין אויפטהו. מיר וואָלט אזא חכמה קיינמאָל אין קאָפּ ניט אריינגעפאַלען...

זעלצער: נו, איז זי צופריעדען... קענסטו געבען ברויט א ווייב?...

באריס: יאָ—איך בין שוין א בעל־חוב איבער הונ־דערט רובעל... (קראַצט זיך אין קאָפּ).

זעלצער (מיט איראָניע): אזא חכם, הייסט עס ביזטו... נו, וואָס וועט זיין ווייטער?

באריס: ווייטער איז ניט גוט... זי דאַרף באַלד קו־מען און וועט אודאי וועלען האָטש מאָרגען צו דער חופּה געהן... א קלוגע איז זי אפילו, נאָר פּאַרט ווייבערשער שכל — וואו איך האָב גענומען דעם גאַנצען חודש געלד, קען זי דאָך ניט פער־שטעהן...

זעלצער: א שאָד פון דעסטוועגען איינלאָזען בער־טען...

באריס (מיט יאוש): עט... גלויב מיר ברודער, אז עס איז א נאַרישקייט, צום אָנהייב האָב איך געמיינט, אז איך וועל זיין דער גליקליכסטער מענש, אויב בערטע וועט זיין מיינע, און יעצט אז זי איז שוין כמעט ווי מיינע, איז מיר דאָס לעבען ניט ניחא... וואָס איז דאָ פאַר א גליק? חתונה האָבען און א גאַנץ לעבען אזוי שווינדלען, דרעהען מיט'ן מח וואו צו

לייהען, וואו צו באָרגען, ניט האָבען קיין בערוהטע מינוט... היינט נאָכדעם — קינדער, א גרעסערע הוצאה... עס פאלט אַן א פחד!

ז ע ל צ ע ר: אביסעל איז דאָס אמת... (פויזע) איז וואָס רעכענסטו קיינמאָל ניט חתונה האָבען?

ב אָ ר י ס: וואו איך וועל ניט זיין אין שטאַנד גוט צו פערדיענען, אז מיין פרוי זאָל קענען גוט לעבען אָהן שווינד־לערייען, אָהן קאָפּ דרעהעניש, וועל איך מאַקע ניט חתונה האָ־בען... ט אָ ר איך ניט חתונה האָבען.. די רעפּיטיציע האָט מיר בעוויזען, ווי אזוי מ י ר טאָרען קיינער ניט חתונה האָבען..

ז ע ל צ ע ר: עמיצער גערהט דאַכט זיך...

ב אָ ר י ס (ערשראָקען): דאָס איז ז י. געה יעצט אוועק, איך בעט דיך, איך דאַרף מיט איהר רעדען, און פאַר א זייטיגען מענשען וועל איך ניט קענען...

ז ע ל צ ע ר: אודאי אזוי (אָב).

(בערטע פליהט אריין מיט א פרעהליכען שטראהלענדען גע־זיכט, דערלאנגט באָריס'ן די האַנד און זעצט זיך אויף א שטוהל).

ב ע ר ט ע: אוי, בין איך דאָס מיעד!...

ב אָ ר י ס: וואו ביזטו דאָס אזוי אומגעלאָפען!

ב ע ר ט ע: ווייס איך, אהער, אהין... איינקויפען... וואָס ביזטו עפּעס צעטראָגען.

ב אָ ר י ס: איך בין אויך עפּעס מיעד —

ב ע ר ט ע: נו, אויב דו ביסט מיעד וועל איך יעצט מיט דיר ניט רעדען.

ב אָ ר י ס: וואָס האָסטו געוואָלט רעדען?

ב ע ר ט ע (מיט א שמייכעל): היינט ענדיגט זיך דאָך אונזער רעפּעטיציע...

ב אָ ר י ס: איך ווייס.

בערטע (געהט צו צו איהם נאָהענט און לעגט איהם ארויף די האַנד אויפ'ן פּלייצע): ביזט א חוואט, איך האָב דיך ליעב...

באָריס (מיט שמיכעל): איך וועל קענען שפּיעלען די ראָלע? הא?

בערטע: יאָ — יעצט גלויב איך דיר. דעם חודש האָסטו מיך אויסגעהאַלטען מיט אַלע פערגעניגענס, טעאטער אפילו האָט אויך ניט געפעהלט...

באָריס (לעגט איהר ארויף די האַנד אויפ'ן פּלייצע): בערטעלע, קענסט מיר אפשר לאָזען אָברוהען... איך בין זעהר מיעד פון דער רעפּעטיציע, דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר...

בערטע (ערשטוינט): ווי הייסט?

באָריס: ווילסט וויסען דעם אמת...

בערטע: אודאי דעם אמת...

באָריס: נו, טאָ וויים, אז די רעפּיטיציע איז טאקע זעהר נויטיג געווען... איצטער זעה איך, ווי ווייט עס איז שווער, ווי ווייט איך קען ניט שפּיעלען... איך קען ניט!...

בערטע (סארקאסטיש): הייסט עס, האָסט חרטה?

באָריס: יאָ, בערטעלע איך האָב חרטה, און דער עיקר — איך האָב מורא... זיי מיר געזונד און א דאנק דיר פאר דיין לעקציע, וואָס דו האָסט מיר געגעבען, זי האָט מיר אפשר געקאָסט א סך געלד, אבער עס איז ווערטה, זעהר ווערטה... (ער לאָזט אראָב דעם קאָפּ און פערטראַכט זיך).

בערטע (שפּרינגט אויף פון אָרט, קוקט זיך איבער אַלע פיער ווינקלען. גיט אַ שפּיי, לאַכט זיך פערנאַנדער און שרייט אויס): מאוסער טרוס... חא־חא־חא.

(זי לויפט ארויס).

פאָרהאַנג פאַלט.

## פערזאנען:

**נטע חייקין**, א איד פון מיטעלע יאָהרען, מיט א ברייטער באָרד, ערטערווייז גראָה, מיט ריהרעוודיגע חיטרע אויגען; געהט זויבער געקליידט, האַלב נײַ־מאָדיש — האַלב אַלט־מאָדיש; רעדט מיט א געדיכטער שטימע, — א שדכן.

**ציפע**, א אידענע, אויך אין די מיטעלע יאָהרען, נאָר זעהט אויס פערעלטערט, דאָס פּנים איינגעשמירט אין סאַזשע; עס זעהען זיך אַרויס איהרע גוטע מוטערליכע אויגען, רעדט שטיל און בנעימות'דיג — זיין פרוי.

**קיילע**, א מיידעל פון א יאָהר 22, מיט אַן אָריגינעלען געזיכט. שווארצע, קלוגע, אויסדרוקספולע אויגען, געקליידט אָרי־גינעל, כאָטש איינפאך; רעדט מיט א זאַנפטער שטימע, אָבער גענוג איבערצייגענד; שנעלע, נערוועזע בעוועגונגען — זייער טאָכטער.

**חייקעלסאָן**, א בחור פון א יאָהר 28, א לעהרער, שרייבט אויך ליע־דער, שדכנט זיך צו קיילען.

**הערמאן ליכטענשטיין**, א בוכהאַלטער אין א באַנק, געהט רייך גע־קליידט, א שעהנער ברונעט פון א יאָהר דרייסיג.

| | | |
|---|---|---|
| בערטע<br>ליזע<br>ראָזע | } | **יונגע מיידלעך, קיילעס חבר'טעס.** |

די סצענע קומט פאָר אין אַ גרויסער פּראָווינציעלער שטאָדט, אין די לעצטע יאָהרען. די סצענע שטעלט פאָר אַן עס־שטוב; אין מיטען אַ גרויסער טיש צוגעדעקט מיט אַ טישטוך, ארום טיש—שטוהלען; ביי אַ וואַנד אַנטקעגען פּובליקום אַן אַלטע קושעטקע, איבערגעצויגען מיט אַ שווארצע סאראטע; אויף די וועגד הענגט אַ זייגער, אַ שפּי־געל, אַ פּאָר אידישע בילדער. רעכטס פון צימער זעהט זיך אַ טיר, וואָס פיהרט אין קליינעם צימערל; לינקס — אַ צווייטע טיר פון דעם פאַטערס שלאָף־צימער.

ווען דער פאָרהאַנג עפענט זיך, געפינט זיך אויף דער סצענע קיילע, איהרע דריי חבר'טעס און חייקעלסאָן.

קיילע (צו חייקעלסאָנען): נו, הערר פּאָעט, האָט איהר עפּעס אַנגעשריבען שעהנע ליעדער פאר דער לעצטער צייט?

חייקעלסאָן (פערוווירט) ניין: עס איז געוועזען צו שעהנע טעג. די זון האָט אזוי געשיינט...

קיילע (צולאכט זיך, קוקענדיג אויף די חבר'טעס): געפעלט אייך אַ פּאָעט: עס איז געוועזען צו שעהנע טעג, איז אַ חסרון! ווען דען זינגט איהר?

חייקעלסאָן: איך זינג נאָר ווען עס איז טריב און קאַלט — אממעהרסטענס ווען עס רעגענט...

קיילע: אַ פּאָעט פון רעגען... הא־הא־הא! איך פער־שטעה עס ניט...

ליזע (ערנסט): איך פערשטעה עס יא: דער הערר חיי־קעלסאָן איז מעהר געשטימט אין אַ שלעכטען וועטער.

ר א ז ע : און איך האב א בעקאנטען פּאעט, שרייבט ער דוקא נאר אין זונען־טעג. איז א שעהנער טאג, ווייס איך שוין, וועט ער מיר ברענגען א ניי געדיכט.

ק י י ל ע : אלע זייערע געדיכטען זיינען נאריש. אמת, חייקעלסאן? איהר האט דאך ליעב דעם אמת.

ח י י ק ע ל ס א ן (בעליידיגט) : פאר איך שרייבען מיר ניט. (שפּיעלט זיך מיט'ן בוך אין דער האנד).

ק י י ל ע (לאכענדיג) : א, ער האט זיך שוין בעליידיגט פון מיין קריטיק! זייט רוהיג, איך דרוק מיין מיינונג ניט אב.

ח י י ק ע ל ס א ן : פּרובט וועלען דרוקען, וועט מען אויך ניט אננעהמען ניט אלע נארישקייטען דרוקט מען... (לעגט אוועק דאס בוך).

ק י י ל ע : נו, פעטערקע, רעכענט אייך, אז איהר האט א טעות: מען דרוקט ביי אייך אזוינע נארישקייטען, אזש די אויערן פוילען! (צו די חבר'טעס) איהר קענט העניע פייטעל־זאהן — איהר ווייסט וואס פאר א מין אידיאטקע דאס איז — איז זיך די דאזיגע אידיאטקע מישב און הויבט אן צו שריי־בען.

ב ע ר ט ע : אט די אידיאטקע אין די ברילען?

ק י י ל ע : אט די אידיאטקע אין די ברילען! פארגעס־טערן קומט זי צו געהן צו מיר און ווייזט מיר א קארטעל פון א רעדאקציע, און מען מעלדעט איהר, אז איהר ערצעהלונג איז העכסט געלונגען און עס וועט זיין אין גיכען געדרוקט. איצט וועט זי שוין אנטאן צוויי פאר ברילען! (לאכט).

ח י י ק ע ל ס א ן (ערנסט): פריילין פייטעלזאהן האט יא טאלענט — איך קען זי זעהר גוט.

ל י י ז ע : פונדעסטוועגען זעה איך אייך זעלטען מיט איהר ארומגעהן.

ח י י ק ע ל ס א ן : דאס איז עפּעס אנדערש; פאר מיר איז זי ניט אינטערעסאנט.

ק י י ל ע : אדרבא, דוקא ז י דארף זיין אינטערעסאנט פאר אייך: מיט איהר קענט איהר ריידען וועגען ליטעראטור. וואס זיינען מיר פאר אייך, ארימע שטערבליכע!

ח י י ק ע ל ס א ן (מיט עקסטאַז, וועגדענדיג זיך בלויז צו קיילען): פאר מיר זענט איהר אליין א ליעד! (פערשעמט זיך).

ק י י ל ע (מיט א גוטען געלעכטערל): איהר הערט, מייד־לעך, — איך אליין בין א ליעד! — שיקט מיך אקארשט ניט אוועק אין א רעדאקציע אבצודרוקען. (פון שלאף־צימער הערט זיך א הוסטען). זעהט איהר, איהר האט אויפגעוועקט מיין טאטען... ער וועט אייך דערזעהען, וועט ער ווידער אויף מיר אנפאלען: מיין טאטע האלט ניט פון פאעטען...

ח י י ק ע ל ס א ן (בעדייטענד): מיר זיינען פאר איהם שעדליך. מיר זינגען די ליעבע, און פאר איהם איז ליעבע סם!

ב ע ר ט ע : פארוואס?

ל י ז ע : איך פערשטעה וואוהין חייקעלסאן ציעלט.

ר א ז ע : און איך ניט.

ק י י ל ע (הויך און פריי): מיין טאטע איז א שדכן — א גרויסער געגנער פון דער ליעבע. עס איז גאנץ נאטירליך...

ח י י ק ע ל ס א ן (איראניש): און איהר זענט דעם שדכנ׳ס א טאכטער... איהר האלט אויך ניט פון ליעבע.

ק י י ל ע (שפאסענדיג): אלענפאלס ניט פון אייער ליעבע צו מיר...

ח י י ק ע ל ס א ן (בעליידיגט): ווער האט אייך דען געזאגט, אז איך בין פערליעבט אין אייך...

ק י י ל ע : אייערע אויגען. (צולאכט זיך).

(דער פאטער שטעקט ארויס דעם קאפ פון טיר. די צוויי חבר׳טעס לאכען זיך פונאנדער. קיילע דראהט זיי מיט די פינגער. זיי קענען זיך ניט איינהאלטען און לויפען ארויס ניט זעגענענדיג זיך. חייקעלסאן וויל אויך ארויס־

גערן, נאר נאטע חייקין, דער פאטער, גערט ארויס צו זיי און קנאקט הויך די פינגער).

חייקעלסאן (פערוווירט): א גוט מארגען!...

דער שדכן: מען דארף שוין באלד מנחה דאווענען און איהר זאגט: גוט־מארגען. מען קען שוין זאגען: גוט־ג'אוועגד...

קיילע: דער הערר חייקעלסאהן איז א פאעט און איז שטענדיג צוטראגען...

דער שדכן: א פאעט... וואס איז דאס א פאעט?... א שלימזל, וואס...

קיילע (לאכט): א, ווי דער טאטע פערשטעהט גוט, וואס א פאעט איז.

חייקעלסאן (בעליידיגט): א שדכן, וואס האנדעלט מיט ליעבע, פערשטעהט אודאי וואס א פאעט איז... חאטש, צו־ריק גערעדט, פאעטען קומען צו שדכנים קיינמאל ניט אן...

דער שדכן (מיט פעראכטונג): ווער דארף אייך האבען...

חייקעלסאן (הויבט זיך אויף פון פלאץ): האט מיר א גוטען...

דער שדכן (סארקאסטיש): געהט געזונד...

קיילע (דערלאנגט חייקעלסאנען די האנד): קומט ארויף אמאל, מיין ליעבער פאעט...

דער שדכן (נאכדעם ווי חייקעלסאן געהט ארויס): דארפסט איהם האבען, דעם שלימזל. צו וואס טראגט ער אזא קאפ האהר?...

קיילע שמייכלענדיג): א שדכן קען דאס ניט פער־שטעהן...

דער שדכן: אט, דיינע בעקאנטע.... אז אך און וועה צו דיר, טאכטער!

קיילע: נו, אדרבא, דו האָסט דאָך עפּעס א בוך מיט יונגעלייט — גיב מיר עפּעס איינעם א רעכטען...

דער שדכן: פאר דיין פיהרונג ווערסטו טאקע גרייגען א רעכטען...

קיילע (שפּאסענדיג): גיב טאקע א חתן... גיב, גיב א חתן...

דער שדכן (בייז): אוועק פון מיר! איך האָב חוץ דיך, וועמען צו געבען חתנים!

קיילע: גיסט ניט? ווי דו ווילסט זיך! (פערטראכטענדיג זיך) איך האָב שוין אליין געפונען...

דער שדכן: אָט דעם שלימזל מיט די לאַנגע האָהר?

קיילע: אָ, ניין, טאַטינקע, א פּיעל בעסערען: א הויכער, א שעהנער, א רייכער...

דער שדכן (פעראינטערעסירט): וואו האָסטו איהם געקראַגען?

קיילע: פאריגע וואָך בין איך געווען אויף א קאָנצערט, האָב איך זיך מיט איהם בעקענט... ער האָט מיך בעגלייט ביז צו דער טיר...

דער שדכן: גוט נאָך, וואָס ניט ביז'ן צימער דיינעם. אויף דיר קען מען אַלע גלויבען...

קיילע: היינט פארנאכט דארף ער קומען צו מיר... זאָלסט איהם, טאטע, נאָר ניט בעליידיגען: ער איז ניט קיין פּאַעט... הערסט!...

דער שדכן: מיינע דאגות! איך האָב וויכטיגערע זאָרג!.. (פערקנייטשט דעם שטערן און פערקלערט זיך שווער — אַ קליינע פּויזע) אָט ווען איך פיהר אויס דעם שידוך, וואָס איך האָב די לעצטע צייט אנגעהויבען צו ריידען דער פאמיליע גריבשפּאן...

קיילע: א רייכער שידוך?

דער שדכן: איך וואָלט געפּאַקט אַ פינף הונדערט קערבּלעך... פערשטעהסטו מיך, פינף הונדערט קערבלעך!...

קיילע: נו, עס גערט צו שווער?

דער שדכן: נישקשה, דער חתן לאָזט זיך ריידען... עס געהט אַ גאַנג... איך דאַרף טאַקע באַלד אריבערגעהן צו איהם. אַך, ווען גאָט העלפט מיר אויספיהרען דעם שידוך! איך בין אַזוי פערענגט אין געלד... אַזוי פערענגט אין געלד, אַזוי פער־ענגט...

קיילע: גאָט וועט העלפען... נעהם זיך אויף אַלע כלים, קענסט דאָך עפּעס!

דער שדכן: יאַ, מען דאַרף ארבייטען... (ווענדט זיך צום קיך) ציפּע, ציפּע, וואָס פאַרעסטו זיך דאָרטען אין קיך? קום אריין!

(עס ערשיינט ציפּע).

ציפּע: וואָס דאַרפסטו מיך?

דער שדכן: מאַך אַ גלעזעל טיי... איך דאַרף באַלד געהן...

ציפּע: טאַקע אַלץ וועגען יענעם שידוך?

דער שדכן (מיט רוגזא): וועגען יענעם שידוך, וועגען יענעם שידוך... איהרע עסקים!...

ציפּע (מיט אַ פרומער מינע): גאָט זאָל געבען, אַז די כלה זאָל געפינען חן אין חתן׳ס אויגען! מען דאַרף אַזוי נויטיג געלד... אין יאַטקע אַליין בין איך שולדיג שוין איבער 30 קערבלעך...

דער שדכן (בייז): געה שוין, געה שוין, מאַך אַ גלעזעל טיי!

ציפּע (צוריקגעהענדיג): און פאַר דירה דאַרף מען שוין אויך נאָך שבת צאָהלען... (אָב).

דער שדכן (פערטראכט זיך שווער, רעדט ווי צו זיך): אז איך פיהר אוים דעם שידוך, וואָלטען זיך געעפענט די אויגען! די אויגען וואָלטען זיך געעפענט. (גֵעהט אום איבער'ן צימער, קנאַקט מיט די פינגער).

ציפּע (אריינטראָגענדיג אַ גלאָז טיי און אַוועקשטעלענדיג אויפ'ן טיש): טרינק, נאַטע, פרישער טיי, ערשט פערשאַטען... טרינק אָב און געה טאַקע אריבער וועגען שידוך...

דער שדכן: אַט געה שוין געה, איך וויים אַהן דיר. (ציפּע אָב).

קיילע קוקענדיג דאָ אויפ'ן וואנד־זייגער, דאָ אין שפּיגעל): טאַטע, געהסט שוין באלד, האַ?

דער שדכן: אַנטקעגען וואָס פרעגסטו?...

קיילע (אויפגערעגט): אַט אזוי... אפשר קומט ער באלד... ער האָט צוגעזאָגט היינט קומען... (שטאָלצער) אז דו ווילסט מיר קיין חתן ניט געבען, דארף מען דאך אליין נעהמען.. אמת, טאַטע?... (לאַכט).

דער שדכן: דיינע חתנים! אודאי עפּעס אַ שארלאַטאַן, אַדער אזוי אַ טויגעניכטס...

קיילע: דאָס פערלאָז זיך שוין אויף מיר, איך בין דאך עפּעס דיינע אַ טאָכטער... איך פערשטעה זיך אויף חתנים!

דער שדכן: פון מיינטוועגען קענסטו חתונה האָבען מיט אַ גאַסען־יונג.. איך האָב בילכערע זאכען צו טראַכטען... (הויבט זיך אויף פון אָרט און גרייט זיך צום געהן; צוקעמט ברייט די באָרד, טוט אָן דעם האַרטען הוט און האַלט שוין אין האַנד דעם אויבער־בגד אָנצוטהאָן. אין דער זעלבער צייט קוקט קיילע אין שפּיגעל און פעררינכט איהר פריזור. עס הערט זיך אַ שטיל קלאַפּען אין טיר).

קיילע (העכסט אויפגערעגט): אַט דאָס מוז ער געהן... געה, טאַטישי, אוועק. (לויפט צום טיר).

דער שדכן: איך וויל איהם טאקע אנקוקען...

(עס געהט אריין הערמאן ליכטענשטיין, בעמערקט ניט דעם שדכן, דערלאנגט מיט א שווייגענדיג געזיכט קיילען די האנד).

ליכטענשטיין: גוט־אנ'אווענד, פריילין!

דער שדכן (מיט שרעק): דאס איז דאך ער, וועה איז מיר — דו חצופה! (ווענדט זיך צוטומעלט צו ליכטענשטיי־נען) גוט־נ'אווענד, גוט־נ'אווענד! זיצט... זיצט, פאני ליכטענ־שטיין...

ליכטענשטיין (דערזעהט איהם, דערקענט איהם ניט גלייך). עפעס א בעקאנט פנים... א בעקאנט פנים.. וואו האב איך אייך געקענט זעהן?...

קיילע (לאבענדיג): מיין טאטען קענען א סך... ער איז פאפולער ביי אלע יונגע־לייט...

דער שדכן (צו קיילען שיפענדיג): שווייג, חצופה, שווייג! (צו ליכטענשטיינען) וואס הייסט — איהר דערקענט מיך נישט?... איך בין דאך פאריגע וואך ביי אייך געוועזן וועגען גרינשפאנס מיידעל... איהר האט דאך מיר געהייסען קומען צו אייך היינט נאך א תשובה... (ליכטענשטיין בלייבט פערוווירט; קיילע קוקט איהם אן בייז; א קליינע פאוזע).

דער שדכן (צו קיילען): געה א ווײלע ארויס. איך דארף מיט דעם הערר ליכטענשטיין עפעס שמועסען.

קיילע (שטרענג): ליכטענשטיין איז ניט צו דיר, נאר צו מיר געקומען...

ליכטענשטיין (קומענדיג צו זיך): ווירקליך, איך בין געקומען צו דער פריילין...

דער שדכן (צוטומעלט): עט... צו דער פריילין... וועלכע פריילין... דאס איז דאך מיינע א טאכטער.. דאס איז ניט די כלה... ס'איז בלויז מיינע א טאכטער... ניט מעהר.

ליכטענשטיין (שמייכלענדיג גוטהערציג): יא!

אבער אייער טאַכטער געפעלט מיר מעהר ווי פרייליין גרינ־שפאַן...

ק י י ל ע (צום טאַטען, לאַכענדיג): הערסט, דער הערר ליכטענשטיין פערשטעהט בעסער ווי דו...

ד ע ר ש ד כ ן (שרעקליך אויפגערעגט): אוועק פון מיי־נע אויגען! (צו ליכטענשטייגען) דאַרטען וואַרט מען אויף א תשובה... זיי צעהלען 5 טויזענד רובעל צו די תנאים...

ק י י ל ע (בייז): טאַטינקע, הער אויף וועגען נדן... דער הערר ליכטענשטיין האַלט ניט פון נדן...

ל י כ ט ע נ ש ט י י ן: ווירקליך, ליעבער פריינד, עס איז ניט פאַר מיר יענער שידוך... אייער טאַכטער איז מיר זעהר געפעלען געוואָרען: קלוג, שעהן און אָריגינעל... איך האַלט ניט פון געלד.

ד ע ר ש ד כ ן (צוטומעלט): דאַס פרייליין גרינשפאַן איז א העכסט געבילדעט פרייליין, שפיעלט פיאַנאָ, רעדט פראַנ־צויזיש און...

ק י י ל ע: טאַטינקע...

ד ע ר ש ד כ ן (האַקט איהר איבער): מיין טאַכטער, דעם אמת געזאָגט, איז ניט פאַר אייך... אנ'אמת האָב איך ליעב צו זאָגען אויף אן אייגענער טאַכטער... איך בין אן אנדער סאָרט מענש...

ל י כ ט ע נ ש ט י י ן (לאַכענדיג): יאָ, עס איז זעהר שעהן פון אייער זייט... אָבער איך האָב מיין בעזונדערן גע־שמאַק. אייער טאַכטער געפעלט מיר דאָך...

ד ע ר ש ד כ ן (פערגעסענדיג זיך אַן אַלץ): מיין טאַכ־טער איז שוין א כלה מיט א פּאָעט מיט לאַנגע האָהר... עס האַלט שוין ביי תנאים!.. (ליכטענשטיין קוקט אָן פראַגענד קיילען).

ק י י ל ע: טאַטינקע, דאָס איז שוין גאָר נישט שעהן... ווייסט דאָך, אַז עס איז ניט ריכטיג... דער פּאָעט האָט נאָר מיך ליעב, איך איהם, ווייסטו דאָך, אַז ניט.

ל י כ ט ע נ ש ט י י ן : אָ, איך בין ווייט ניט קיין פּאַעט און דאָך... (קוקט איהר אַריין ליעבליך אין די אויגען — קיילע שטראהלט פאר גליק).

ד ע ר ש ד כ ן (צוהיצט) : מיין טאָכטער האָט ניט קיין קליידער, קיין נדן — פאר אייך איז דאָס ניט קיין כלה... איהר פערשטעהט...

ל י כ ט ע נ ש ט י י ן : אייער טאָכטער איז שעהן אָהן קליידער און רייך אָהן נדן... (קוקען זיך ביידע ליעבליך אָן). איי־בעריגענס האָב איך אליין א ביסעל געלד. איך בין גרייט אלץ אוועקצוגעבען איהר...

ד ע ר ש ד כ ן (איבערראשט) : און וואו בין איך? א טאַטען קומט אויך עפּעס... איך גיב ניט אוועק מיין טאָכטער אומזיסט! איהר פערשטעהט!

ל י כ ט ע נ ש ט י י ן : איך פערשטעה... איך פער־שטעה... אז איך האָב ליעב אייער טאָכטער, האָב איך ליעב אייך... איך וויל אייך ניט בעליידיגען. (נאָך אַ קורצער פויזע) קענט איהר מיר ניט זאָגען, ליעבער פריינד, וויפיעל וואָלט איהר בעקומען, ווען איהר פיהרט אוים דעם שידוך מיט פריילייז גרינ־שפּאן און מיר?

ד ע ר ש ד כ ן (אויפגערעגט) : 5 הונדערט קערבלעך! איהר פערשטעהט! גאנצע 5 הונדערט!

ל י כ ט ע נ ש ט י י ן: די סומע בעקומט איהר פון מיר. וויבאלד איהר גיט נאָר אייער ברכה...

ד ע ר ש ד כ ן (ווי שיכור פאר גליק; הויבט אויף די הענד צום בענשען) : איך ווינש אייך, איהר זאָלט...

ק י י ל ע (איבערשלאָגענדיג) : מיר וועלען זיך בעגעהן אָהן דיין ברכה, טאַטע...

ד ע ר ש ד כ ן (לאכענדיג צופרידען) : האָב איך אזא יאָהר, וואָס פאר א כלה דאָס איז פאר אייך... פריילייז גרינשפּאַן קומט אזוי צו איהר, ווי א קאַץ צו א לייב...

ל י כ ט ע נ ש ט י י ן : איך ווייס דאָס אַלץ אַליין...

ק י י ל ע (לאַכענדיג) : און וואָס זאָגסטו אויפ'ן חתן, דו ביזט דאָך אַ מבין ?...

ד ע ר ש ד כ ן (אַרײַנגעהענדיג אין זיין ראָלע): דער חתן איז אַ מושלם, אַ שרייבער, אַ זינגער, אַ פאַרשוין און אַ פער־דיענער.

ל י כ ט ע נ ש ט י י ן (לאַכענדיג) : אַזוי בין איך פער־שריבען אין ביכעל ביי אייך ?

ק י י ל ע : טאַטע, איצט געה זיך דורך אַביסעל... איך האָב מיט ליכטענשטיינען עפּעס צו ריידען !...

ד ע ר ש ד כ ן : יאָ, קינדערלעך, איך וועל מיר דורכ־געהן... (צו ליכטענשטיינען) אַך, ס'אַ פערגניגען, וואָס איך דאַרף צו אייך ניט געהן דולען אייך אַ קאָפּ מיט פריילײַן גרינשפּאַן!
(פון קיך ווייזט זיך ציפּעס קאָפּ).

צ י פּ ע (ניט זעהענדיג ליכטענשטיינען) : פאַרוואָס געהסטו שוין ניט, נאַטע, אַריין אהין וועגען שידוך... האָסט דאָך געדאַרפט געהן...

נ אָ ט ע : ס'איז שוין אויס שידוך ! אויס שידוך !

צ י פּ ע : וועה איז מיר — ווער האָט דאָס קאַליע גע־מאַכט ?

(זי געהט אַריין אין צימער און בלייבט פערשעמט.)

נ אָ ט ע : וועה האָט דאָס קאַליע געמאַכט ? — אונזער טעכטערל... זעהסט, זי האָט צוגענומען דעם חתן... געה טו איהר עפּעס !

צ י פּ ע (שטראַהלענדיג פאַר גליק) : זאָל זיין מיט מזל !
(ליכטענשטיין מיט קיילען קוקען זיך ליעבליך אָן, געהען לאַנגזאַם אַריין אין קיילעס צימער. ציפּע געהט אַריין אין קיך. נאַטע בלייבט שטעהן שטאַרק פערקלערט וועגען אַ טיעפען ענין. — לאַנגע פּויזע.

(עס עפענט זיך די טיר און עס גייט אריין דער פאטער חייקעלסאן).

דער שדכן (קוקט איהם אן מיט פעראכטונג): חייקעלסאהן איך האב דא פערגעסען מיין בוך.

דער שדכן (היטרע): מיר ווייסען, מיר ווייסען... מען פערגעסט דאס בוך, כדי נאך אמאל צו קומען. אבער, פע־טערקע, אומזיסט...

חייקעלסאן (שטארק פערשעמט ווערענדיג): איהר מישט זיך ניט... מיט אייך האב איך קיינע געשעפטען ניט... מענשען, וואס האנדלען מיט די העכסטע געפיהלען...

דער שדכן (ווערט פלוצלונג בעגייסטערט מיט א אי־דעע, נעהמט אריין די בארד אין האנד און זינגט עפעס א ניגונדעל, וואס ווערט געזונגען ביי א שווער שטיקעל גמרא).

חייקעלסאן (גרייט זיך צו גערן).

דער שדכן (שנעל): שטעהט, שטעהט, יונגערמאן! איך האב אייך געוואלט עפעס זאגען. שטעהט!

חייקעלסאן (קעהרט זיך אום, קוקט דעם שדכן אן פערוואונדערט און מיט שטאלץ).

דער שדכן (בעטראכט חייקעלסאנען פון קאפ ביז די פיס): הם... הם... (פערטראכט זיך). גאר נישקשה, גאר ניש־קשה... כ'לעבען, אן ענין... (צו חייקעלסאנען) זאגט מיר, איך בעט אייך... זיצט... זיצט, למאי זאלט איהר שטעהן... זיצט.

חייקעלסאן (פערוואונדערט): עס שאדט ניט.. עס שאדט ניט...

דער שדכן (זעהר גוטהערציג): זאגט מיר, איך בעט אייך... פון וואנען זענט איהר אליין?...

חייקעלסאן (מיט שטאלץ): א ווילנער.

דער שדכן (צופרידען): אזוי... א ווילנער... ווילנא איז א היבשע שטאדט... איך קען ווילנא, ווילנא איז אן אלטע

יחוס־שטאַרט... יאָ, ווילנאַ קען איך. (פּויזע). און ווי אַלט זענט איהר?...

חייקעלסאָן: 25 יאָהר.

דער שדכן: ווי אַזוי זענט איהר בעפרייט געוואָרען פון פּריזיוו?

חייקעלסאָן (קורץ): אַ בן־יחיד.

דער שדכן (צופרידען): אַ בן־יחיד, הייסט עס... (חאַפּט אַרויס דאָס ביכעל און שרייבט).

חייקעלסאָן (פערוואונדערט): אַנטקעגען וואָס איז איז דאָס?

דער שדכן (געשעפטסמעסיג): דאָס איז שוין מיין געשעפט... איהר וועט באַלד הערען! (שמייכלענדיג זיס): זאָגט מיר, ווען איך גיב אייך אַ כלה, וואָלט איהר גענומען?..

חייקעלסאָן (פערווירט): אַ כלה... ניין! איך דאַרף ניט אַ כלה... דורך אַ שדכן... פאַר מיר פּאַסט דאָס ניט.

דער שדכן: עט, נאַרישקייטען! וואָס הייסט, פאַר אייך פּאַסט עס ניט... איך וויים מעהר ניט, צו וועט דאַרטען פּאַסטען... זיי קלויבען דאָרט... די גרינשפּאַנס... (בעטראַכט איהם געניי) הם... אַ גאַנץ פיינער בחור, כ׳לעבען.. (בעמערקט די לאַנגע האָהר פון הינטען) זי זוכט נאָר אַ שעהנעם. יאָ, אַט דאָס מאַכט אייך קאַליע — די האָהר... צו וואָס טראָגט איהר אַזוינע לאַנגע קודלעס? צו אַ שידוך איז דאָס גע׳הרג׳עט...

חייקעלסאָן (מיט הכנעה): די האָהר קען איך אָבשערען. איך האָב שוין לאַנג געטראַכט וועגען דעם...

דער שדכן: אַט וועט איהר זיין אַ חוואַט... די האָהר טאַקע שערט אָב... פערשטעהט איהר מיך... און (קוקט איהם אָן מיט אַ ספּעציעלען שדכנישען שמייכעל) איהר וועט קריגען אַ כלה...

חייקעלסאָן (שעמעוודיג): אַ כלה... כ׳וויים... אַ כלה... (ראַש) עפּעס אַ שעהנע?...

דער שדכן (שטרענג): א רייכע!...

חייקעלסאַן: א רייכע? און שעהן גאַר ניט?...

דער שדכן: שעהן... שעהן... נעהמט נאַר אראַב די האָהר... און לאָזט מיר אייער אַדרעס.

חייקעלסאַן (הויבט אָן דיקטירען): פראַנציסקאַנס־קא... (עס געהט אַריין קיילע, נאָך איהר ליכטענשטיין. חייקעלסאָן, שטאַרק פערשעמט, הערט אויף צו דיקטירען).

קיילע: אַך, הערר פּאָעט! איהר זענט ווידער דאַ?...

חייקעלסאַן: איך האָב דאָס בוך דאַ פערגעסען...

דער שדכן: א בוך... א בוך... ס'וועט געהן א גאַנג, ס'וועט געהן...

חייקעלסאַן (ווינקט צום שדכן).

דער שדכן: עס שאַדט ניט... עס שאַדט ניט... אייגענע מענשען.

קיילע (לאַכענדיג): יאָ, טאַטע, עס וועט געהן א גאַנג. א פּאָעט איז אמאָל אויך פּראַקטיש. וויפיעל גיבען זיי, די גרינשפּאַנס?... (קוקט אָן ליכטענשטיינען און שמייכעלט).

חייקעלסאַן (קוקט זי אָן בייז): ניט אייער געשעפט!

דער שדכן: קריג זיך ניט, טאָכטערקע, ער איז א וואוילער בחור, א גאַנץ וואוילער בחור... עס וועט געהן א גאַנג... איך געה טאַקע אריבער צו די גרינשפּאַנס. (צו חייקעלסאָנען) נאַר די האָהר למען השם... די האָהר אראָבנעהמען...

(חייקעלסאָן געהט אַרויס, נאָך איהם קיילע מיט ליכטענשטיינען).

דער שדכן (בלייבענדיג אַליין): קען געמאָלט זיין, הייסט עס, אז איך זאָל נאָך האָבען פרנסה אין צווייען... און דערצו האָט מיין טאָכטער א וואוילען חתן... (פרעהליך) ציפּע, דערלאַנג א גלאָז טיי — די איז קאַלט געוואָרען...

(פאָרהאַנג לאַנגזאַם)

## פ ע ר ז א נ ע ן :

לאה, אן אלמנה.

ביילע }
זעלדע } איהרע טעכטער שניידערקעס.

חיים, איהר יונגער זוהן, שפיעלט פידעל.

שרייבער, א קוואטיראנט.

די סצענע קומט פאָר אין ווארשא.

(אַ קיך, זויבער אויפגערוימט. ביי די ווענד שטעהען צוויי צונויפגעלעגטע אייזערנע בעטלעך, אין אַ ווינקעל אַ נעה־מאַשין, איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך. אויף דער פערד פערדעקטער קאַלטער פּליטע שטעהט אַ קלייגער לאָמפּ. לאה זיצט ביים פּליטע און פעררייבט אַ העמד.

לאה, צוגעהענדיג צום טיר) : ווער קראַצט דאָרטען די טיר? (שטעהט אויף און געהט עפענען)

שרייבער (אין אָבגעטראָגענעם קורצען אָסיען־פּאַלטאָ, לאַנגע האָהר, צושראָקענע אויגען) : איך האָב געטראָפען צי ניט... דאָ איז פערטער שטאָק?

לאה (אָנגערוקט) : פערטער, פערטער, איהר קענט ניט צעהלען?...

שרייבער (צו זיך קומענדיג) : איך האָב זיך צוטו־מעלט צעהלענדיג... (אָטהעמט אָב) ביי אייך גיט זיך אָב אַ בעט פאר אַ פערזאָן?

לאה (אָנקוקענדיג איהם מיט פערדעכטיגע בליקען) : דאָ... דאָ... דאָ... ביי מיר...

שרייבער : איך זעה, אז ביי אייך דארף זיין שטיל, רוהיג... אזא דירה זוך איך טאַקע...

לאה : וואָס הייסט רוהיג... אודאי איז דאָ רוהיג... איהר זעהט דאָך... קיינער ניטאָ... אַ גאַנצער טאָג — קיינער ניטאָ.

שרייבער : און ביי־נאַכט?

לאה : וואָס הייסט ביי נאַכט? ביי נאַכט שלאָפט מען דאָך.

ש ר י י ב ע ר : פערשטעהט איהר מיך — ביי מיר איז דער עיקר די נאכט.

ל א ה : וואס הייסט דער עיקר די נאכט?

ש ר י י ב ע ר : איך בין, פערשטעהט איהר מיך, א שרייבער.

ל א ה : וואס הייסט א שרייבער. איהר גיט אוראקען?

ש ר י י ב ע ר. ניט דאס מיין איך — ס'הייסט אוראקען גיעב איך אויך, דאס הייסט אבער איך בין א לעהרער — איך בין אבער דער עיקר א שרייבער, — דאס הייסט איך שרייב, איהר פערשטעהט, איך שרייב.

ל א ה : וואס הייסט, איהר שרייבט? איהר שרייבט פאפירען?

ש ר י י ב ע ר : ניין, איך שרייב, פערשטעהט איהר מיך, זאכען.

ל א ה (פערוואונדערט) : זאכען — וואס הייסט זאכען? זאכען נייהט מען דאך — איך פערשטעה ניט, וואס דולט איהר מיר א קאפ! (קוקט אויף איהם מיט חשד).

ש ר י י ב ע ר (שמייכעלט) : זאכען הייסט ניט דוקא קליידער, זאכען הייסט ארטיקלען.

ל א ה : ארטיקלען? איך פערשטעה ניט, וואס הייסט ארטיקלען?—עפעס רעדט איהר פערשטעלט. (מיט גרויס חשד) איהר זייט שוין לאנג אין ווארשא?

ש ר י י ב ע ר. שוין צוויי יאהר.

ל א ה איך פערשטעה אבער ניט, וואס איהר טהוט! זאגט פשוט, וואס מיינט איהר?

ש ר י י ב ע ר : פערשטעהט איהר מיך, איך בין א שרייבער. איך שרייב געדאנקען, זאכען, לידער.

ל א ה (בערוהיגט) : אהא. איהר מאכט גראמען — איך פערשטעה.

ש ר י י ב ע ר (ווי בעליידיגט) : וואָס הייסט גראַמען?— איך שרייב אויך אָהן גראַמען. גראַמען איז ניט דער עיקר — דער עיקר איז דער געדאנק — אמאָל קען זיין א ליעד אָהן גראַמען און זי זאָל זיין בעסער, ווי מיט גראַמען.

ל א ה. מילא, וואָס געהט עס מיר אָן — איהר ווילט, הייסט עס, וואָהנען דאָ.

ש ר י י ב ע ר. יאָ. — אָבער איך זאָג דאָך אייך, דער עיקר, צי איז ביי אייך רוהיג?

ל א ה : שייך רוהיג. איהר זעהט דאָך.

ש ר י י ב ע ר : יאָ, איצט זעה איך — דאָרט וואו איך וואוין איז איצט אויך קיינער ניטאָ, פונדעסטוועגען לאָז איך צוויי וואָכען בעצאָהלטע און איך ציה מיך ארויס.

ל א ה : פארוואָס?

ש ר י י ב ע ר : ווייל דאָרט טומעלט זעהר ביינאכט, א סך קינדער און קווארטיראַנטען.

ל א ה (ביטרע) : וואו זיינען זיי אַלע בייטאָג?

ש ר י י ב ע ר : בייטאָג ארבייטען זיי און ביי נאכט, אז זיי קומען זיך צונויף איז שרעקליך טומעלדיג. — איך קען א וואָרט ניט שרייבען.

ל א ה : ביי מיר איז דאָס ניטאָ. איך לאָז ניט טומלען. אָבגעגעסען און געגאַנגען שלאָפען.

ש ר י י ב ע ר : פאָלגט מען אייך דען?

ל א ה (בייז) : וואָס הייסט פאָלגען? מיר מוז מען פאָלגען. וואָס הייסט עפּעס ניט פאָלגען!

ש ר י י ב ע ר (ווי דערשראָקען) : יאָ, נאַטירליך, אַל־זאָ וואָס וועט קאָסטען א חודש?

ל א ה : איהר האָט דאָך געלעזען אונטען אויפ׳ן צעטעל— דריי רובל. שוין מיט געקאָכט וואסער אַלע אין דער פריה.

ש ר י י ב ע ר. ניין, א דאנק. געקאָכט וואסער ברויך איך ניט — איך טרינק טהעע אין גאַס.

ל א ה : נו, איהר דארפט נישט. װעל איך אייך ניט צװינ־גען. איך צװינג קיינעם ניט — נאָר ס'איז אלץ איינס צו מיט געקאָכט װאסער, צו אָהן געקאָכט װאסער, דריי רובל. א דירה — א מלוכה!

ש ר י י ב ע ר (בעטראכטענדיג פון דער קיך דעם צװייטען צימער): יאָ, די דירה איז א שעהנע — גאָר א שעהנע! איך האָב אָבער מורא, אז ביי־נאכט װעל איך אויך דאָ ניט קענען שרייבען — װי פיעל קינדער, זאָלען געזונד זיין, האָט איהר?

ל א ה (בעזאָרגט): אז אַך און װעה — דריי שטיקלעך קינדער — צװיי מיידלעך און א אינגעל — זעהר א געראָטענער אינגעל.

ש ר י י ב ע ר: הייסט עס, נעהם איך ביי אייך די װאוינונג. (בעטראכט די קיך מיט דעם צימער) װאו װעט איהר מיך, למשל, לייגען?

ל א ה: װאו איהר װילט — איהר קענט ארבייטען אין צימער און שלאָפען אין קיך מיט'ן בחור'ל צוזאמען.

ש ר י י ב ע ר: דאָס שלאָפען איז ביי מיר נארישקייט. דער עיקר די רוהיגקייט.

ל א ה: װעגען רוהיגקייט רעדט נישט, דאָס װעט איהר שוין זעהן.

ש ר י י ב ע ר: דארף מען אייך, הייסט עס, געבען האנד־געלד און איך ציה מיך באַלד אריין.

ל א ה: פון מיינעטװעגען קענט איהר אפילו שוין.

ש ר י י ב ע ר: איך װאוין טאקע דאָ ניט װייט, דאָס 5טע הויז פון אייך — כ'האָב נאָך צװיי װאָכען צו װאוינען דאָרט, נאָר מיר ארט ניט די אַנדערהאלבען רובל — איך האָב דאָרט פאר צװיי װאָכען קיין איין אות ניט געשריעבען — געלד שפיעלט ביי מיר קיין ראָלע ניט.

ל א ה (פילאָזאָפיש): געלד איז בלאָטע.

ש ר י י ב ע ר: אלזאָ אָט האָט איהר א רובל האנד־געלד.

לאה: און די אַנדערע צוויי?

שרייבער (ווי פערוווירט): די אַנדערע צוויי בע־קומט איהר אין דריי טעג ארום — ס'איז פערשטעהט איהר מיך, שווער — איך לאָז צוויי וואָכען איינגעצאָהלטע דירה־געלד.

לאה (גוטהערציג): נו, נו — זאָל זיין אין דריי טעג ארום — ביי מיר וועט איהר נישט דארפען לאָזען. איהר וועט זיין צופריעדען. געקאָכט וואסער וויפיעל איהר ווילט.

שרייבער (גערירט פון איהר ווייכקייט): ניין, א דאנק—קיין געקאָכט וואסער ברויך איך ניט — איך טרינק שטענדיג טהעע אין גאס, ס'הייסט, אין א קאַווארניע. — איך האָב שוין מיין קאַוויארניע.

לאה: נו, צווינגען וועל איך אייך ניט — איך צווינג קיינעם ניט.

שרייבער (אויפגערוימט): הייסט עס, קען איך מיך טאַקע גלייך איבערציהען.

לאה: פון מיינעטוועגען כאָטש די מינוט.

שרייבער (פרעהליך): אַלזאָ געה איך ברענגען מיין טשעמאָדאנטשיקעל — (אָב).

לאה (אַליין). רוהיגקייט וויל ער — פאר דריי רובעל א חודש וויל ער רוהיגקייט — א ליטוואק אביסעל — אַלץ קע־גען זיי — ליעדער שרייבען און נאָך — אז ער וועט ניט שריי־בען קיין ליעדער בין איך בדלות — מיינע וועהטאָגען אויף זיין קאָפּ — פאר דריי רובעל וויל ער א רוהיגע דירה (דערהערט טריט). די קינדער געהען שוין. (שטעלט זיך אויף).

(עס געהט אַריין זעלדע, א מיידעל פון אַ יאָהר 23, אויס־געפּוצט אין אַ גרויסען הוט און אין אַ מאָדנעם מאַנטעל).

לאה: ווייסט זעלדע, שוין דאָ א קוואַרטיראנט — א ליטוואק.

ז ע ל ד ע (בייז): פאַרט פערדונגען! — וואו וועסטו איהם לעגען — ביי דיר צופוסען סיידען.

ל א ה (ווייך): אַט רעד ניט קיין נאַרישקייטען — וואו וועל איך איהם לעגען? א שאלה אביסעל — איך וועל שוין געפינען אן אָרט — אזא יקרות קוילען — דריי רובעל וועט צו־ניץ קומען.

ז ע ל ד ע: מילא, מאך א הקדש פון דער דירה, נעהם צונויף אלע קבצנים פון דער וועלט און לאָז זיי דאַ אריין! מילא ס'איז ניט מיין דאגה. גיעב עפּעס עסען — איך וויל מיך זע־צען נעהען.

ל א ה: שוין! (דערלאנגט זעלדען וועטשערע. דערווייל קומט אָן די יונגערע טאָכטער, ביילקע).

ל א ה: אַט איז שוין ביילקע. ווייסט ביילקע, כ'האָב שוין א קוואַרטיראַנט.

ב י י ל ק ע: פרעהליך איז מיר — עפּעס א שעהנער בחור?

ל א ה: א ליטוואַק. ער מאכט ליעדער.

ב י י ל ק ע: אוי גוט! איך האָב טאַקע ליעב ליעדער. (זינגט).

שעהן ביזטו ליבטשע, ליובטשע!
שעהן ווי די גאַנצע וועלט.
נאָר איין חסרון איז אין דיר,
וואָס דו האָסט קיין געלד.

ל א ה (איראָניש): איצט קענסטו זינגען, באלד קומט ער, וועט ער ניט וועלען ליידען. ער וויל רוהיגקייט — פאר דריי רובעל א חודש וויל ער רוהיגקייט.

ז ע ל ד ע (אָבעסענדיג, זעצט זיך ביי דער מאַשין נעהען...) אַט וועט ער האָבען רוהיגקייט. איך דאַרף היינט זיצען ביז דריי און נעהען — איך מוז ענדיגען דאָס קלייד.

(עס הערען זיך טריט, עס געהט אריין ח י י ם אַ בחור פון אַ יאָהר 18).

ח י י ם : מאַמע גיעב עסען. איך וויל אביסעל שפּיע־לען אויף דעם פּיעדעל. (געהט אריין אין צימער, ברענגט פון דאָרט אַ פּיעדעל, שפּיעלט די גאַמע).

ל א ה : שפּיעל, שפּיעל, דער ליטוואַק וויל האָבען רוהיג־קייט. (געהט אריין אין צווייטען צימער).

(באַלד געהט אריין דער שרייבער, די מאַשין קלאַפּט, די פּיע־דעל ברומט, ער בלייבט שטעהען מיט'ן טשעמאָדאַנטשיקעל אין טיר און קוקט פאַראויס...)

ש ר י י ב ע ר : אָה, ענטשולדיגט. איך האָב אַ פּנים פער־בלאָנדזשעט — איז דאָס דער פערטער שטאָק.

ל א ה (צוריק ארויסגעהענדיג) : דאָ, דאָ.

ש ר י י ב ע ר (אויסשטעלענדיג די אויגען) : איך פער־שטעה נאָר ניט. אָט אזוי נאָרט מען דאָס אָב. דאָ איז דאָך שרעקליך. איך וועל דאָך ניט קענען אַ וואָרט שרייבען.

ל א ה : נו, וואָס האָט איהר געוואָלט. צוליעב אייערע דריי רובעל זאָל זיין טאָכטער ניט נעהען און מיין זוהן ניט שפּיעלען. ניש־קשה, מען קען שרייבען ליעדער ביי־טאָג.

ש ר י י ב ע ר (אַוועקשטעלענדיג דעם טשעמאָדאַנטשיק) : מילאָ, די נאַכט וועל איך שוין ביי אייך נעכטיגען. איך האָב ניט וואוהין צו געהן — מאָרגען וועלען מיר זעהן.

(פאָרהאַנג).

פ ע ר ז א נ ע ן:

ליפא שטײגער, 27 יאָהר אַלט.
ברוך הײלפּערט, אין די זעלבע יאָהרען.
פענני, 23 יאָהר אַלט.

(די סצענע קומט פאָר אין דער לעצטער צייט נאָך דער רעוואָלוציע אין אַ גרויסע שטאָדט אין רוסלאַנד. די סצענע שטעלט פאָר אַ קליינעם צימער מיט אַ בעזונדער איינגאַנג, דאָס צימער איז איינ־פאַך מעבליערט, אויפ׳ן טישעל, וועלכעס שטעהט ביים איינציגען פענסטער ליגען איניגע דיקע ביכער, עטליכע בראָשורען, ציימונגען; אויף די וואַנד פון ביידע זייטען פענסטער הענגען אַ פּאָר קונסט־בילדער און איניגע פאָ־טאָגראַפישע פּאָרטרעטלעך. אַ הערבסט אָוועגד, דאָס צימער ווערט בעלויכטען פון גען).

ליפּא שטיינער (אָנשטענדיג אָבער נאָכלעסיג גע־קליידעט, וואָס גיט איהם צו אַ געוויסען חן, זיצט ביים טישעל און בלעטערט אַ בוך. עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיהר, שטיינער רייסט זיך אָב פון בוך, געהט צו צום טיהר און רופט): אריין!

ברוך היילפּערט (שעהן געקליידעט, זעהט אויס ווי אַ פּראָנט און אַן אינטעליגענט צוזאַמען, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען): וואָס טהוסטו, שטיינער?

שטיינער: אַט, מען בלעטערט אַ בוך... לעזען איז ניטאָ קיין חשק... אין אַלגעמיין זיינען די ביכער זעהר לאַנג־ווייליג געוואָרען, איבערהויפּט פאַר די לעצטע צייט.

היילפּערט: ווער הייסט דיר זיי לעזען?

שטיינער: וואָס טהוסטו דען?

היילפּערט: איך לעז זיי ניט... איך לעז אַמאָל, די אַלטע, די קלאַסיקער...

ש ט י י נ ע ר : די קלאסיקער... זיי ריידען צו מיר גאר נישט... מיין הארץ בעגעהרט א נייע ווארט... די אלטע זיינען געווען צו געזונד... מיין זעלע איז אבער אנגעגריפען... איך זוך דאס קראנקהאפטע... דאס ראפענירטע... דאס אונגעוועהנליכע...

ה י י ל פ ע ר ט : נו, די נייע גיבען דאך דיר דאס אין א גרויסע מאס... זיי זיינען דאך אלע קראנקהאפט, ראפאנירט און ניט נור אונגעוועהנליך, נור פשוט משוגע...

ש ט י י נ ע ר : ניין, ניט אלע... עס איז דא א פאר... די זיינען טאקי גוט, די איבעריגע אבער זיינען נאכאהמער, נאכ־קרימער, קייען איבער ווערטער, וואס זיינען אין דער מאדע, זיי פיהלען עס אבער ניט דורך... זיי שטעקען מיר ניט אן מיט זייער געפיהל, וועלכען זיי האבען אליין ניט... עס איז, ברודער, ניטא וואס צו לעזען פאר דעם נייעם מענשען...

ה י י ל פ ע ר ט : פראזען... נייער — אלטער מענש... מענשען זיינען אלע מאל געווען דיזעלבע, מען ברויך זיך ניט גריבלען.

ש ט י י נ ע ר : ווי איז אבער, אז עס גריבעלט זיך ממילא... עס קומען פראגען, ווי אומגעבעטענע און לאזען דיך ניט אפ.

ה י י ל פ ע ר ט (אין א חוזק טאן) : למשל?

ש ט י י נ ע ר : למשל. (פערטראכט זיך) אט טאקע ווע־גען לעבען... צו וואס לעבען מיר?... וואס איז דער תכלית? וואס איז דער זין?

ה י י ל פ ע ר ט : א, יא א מאדערנע פראגע... איך בין אבער ניט קיין מאדערנער מענש. איך פרעג עס ניט... היינט האט געגעגנט, האב איך געקויפט א רעגען־שירם. א וואוילע זאך א רעגען־שירם...

ש ט י י נ ע ר (פערוואונדערט) : וואס הייסט — א רעגען־שירם... עפעס א סימבאל?...

ה י י ל פּ ע ר ט (לאַכענדיג): אַ, דו סימבאַליסט... אַלץ איז ביי איהם אַ סימבאַל... וואָס האָט צו טהאָן אַ רעגען־שירם מיט אַ סימבאַל? פּשוט, ס'האָט גערעגענט האָב איך געקויפט אַ רעגען־שירם, איך זאָל מיך ניט איינעצען...

ש ט י י נ ע ר: איך פערשטעה דיך נישט...

ה י י ל פּ ע ר ט: פערשטעהסט ניט קיין איינפאַכע זאַכען... איך מיין דערמיט צו זאָגען, אַז איך לעב, ווייל איך לעב, איך טהו אַלץ, אום צו לעבען און צו פערהיטען מיך פון אַלץ, וואָס מאַכט מיר דאָס לעבען אונבעקוועם. רעגענט, קויף איך אַ רעגען־שירם; איז היים, טהו איך מיר אָן אין לייכטע קליידער; איז קאַלט, טהו איך מיר אָן אין דיקע קליידער... עס איז אַלץ אַזוי איינפאַך...

ש ט י י נ ע ר: וואָס איז אָבער מכח דעם זין פון לעבען? דאָס לעבען מוז דאָך האָבען אַ זין...

ה י י ל פּ ע ר ט: צו וואָס אַ זין? ס'איז מיר גענוג דער אינסטינקט...

ש ט י י נ ע ר (בייז): דו רעדסט ווי ציניקער... און ווי איז, אַז דעם אינסטינקט ביזטו אריבערגעוואַקסען, און בלייבסט בלויז ביים אינטועלעקט, ביים ריינעם פערנונפט, אַזוי צו זאָגען...

ה י י ל פּ ע ר ט: ווען דער געזונטער אינסטינקט פערלאָזט דיך און דו בלייבסט ביים ריינעם פערנונפט, טאָ געה דאָן אין משוגעים הויז אריין... דאָרט געפינען זיך מענשען מיט'ן ריינעם פערנונפט...

ש ט י י נ ע ר (פערטיעפט): פערשטעהסט מיך שלעכט... אָבער זאָלען מיר דאָס דערווייל לאָזען... מיין ניט אַז דו האָסט מיך בעקעמפּפט, בעזיעגט... איך בלייב ביי מיינס, אַז דאָס לעבען מוז האָבען אַ זין, אָבער איך בין גענוג געדולדיג צו זוכען איהם; גענוג זעהענדיג צו געפינען איהם; אָבער וואָס טהוט מען, ווען די דאָזיגע פראַגע גנב'עט זיך אריין צו אַ שוואַכערע פער־

זענליכקייט. ווייסטו, אז אזא פּערזענליכקייט קען זעהר לייכט בעגעהן זעלבסטמאָרד...

הייל פּערט: אך זעלבסטמאָרד... א שעהנער וואָרט... ער קלינגט מוזיקאַליש... זעלבסטמאָרד... איך האָב ניט לאַנג געזעהן א בוך מיט'ן טיטעל: טויט... איך בין אריין צום פערלעגער און האָט געפרעגט וואָס קאָסט אבצוקויפען די גאַנצע אויפלאַגע.

שטיינער: צו וואָס האָסטו עס געדאַרפט?

הייל פּערט: אך, צו וואָס... נאַטירליך ניט צום לעזען, ניט צום פערטיילען צווישען די אָרעמע מענשהייט. נאָר פּשוט צום פערברענען... אָ, ווען איך קען די אַלע ביכער וואָס פּרעדיגען דעם טויט, פערברענען! אָדער ווען איך קען ווערען א צענזאָר און פערביטען אזוינע ביכער גאָר צו ערשיינען. אָט רייד בעסער מיט מיר נישט וועגען אזוינע פראַגען.. זיי זיינען ערשטענס דום, און צווייטענס נישט איפּריכטיג, דער סאַמע ניט־אויפריכטיגער טויט, איז דער טויט פון מאָדערנעם זעלבסטמערדער...

שטיינער: ווי איז אָבער, אז דער לעבען איז פּאָרט שווער?

הייל פּערט: ליידט מען מיט א שמייכעל... דאָמאָלס איז שוין לייכט! פערשטעהסט... בלויז איין שמייכעל...

שטיינער: ניט אַלע קענען שמייכלען.

הייל פּערט: ווארום? יעדער וואָלט עס געקענט, ווען ער וואָלט נאָר געקוקט אויפ'ן לעבען מיט אַנדערע אויגען.

שטיינער: אָט צום ביישפּיעל, האָב איך א בעקאַנטעס מיידעל, פּעני הייסט זי... זי איז שעהן, קלוג, געבילדעט... די לעצטע צייט אָבער טראָגט זי זיך ארום מיט'ן געדאַנק, אז דאָס לעבען איז פּוסט, וואָכעדיג, ניט אינטערעסאַנט, און וועסט לאַכען, איך האָב שטאַרק פאַר איהר מורא...

הייל פּערט (איראָניש): איך האָב אויך שטאַרק מורא...

ש ט י י נ ע ר (נאאיוו): פאר וואס האסטו מורא?
ה י י ל פ ע ר ט: און פאר וואס האסטו מורא?
ש ט י י נ ע ר: איך האב מורא... גאר איינפאך זי זאל ניט בעגעהן קיין זעלבסטמארד...
ה י י ל פ ע ר ט: און איך האב מורא, אז זי זאל זיך ניט פערליעבען, חתונה האבען און געבוירען קינדער...
ש ט י י נ ע ר (ווי איפערזיכטיג): אך, מיין גאט הלואי... מיר דאכט אבער, אז זי איז אזוי ווייט דערפון...
ה י י ל פ ע ר ט: פון וואנען נעהמסטו עס?
ש ט י י נ ע ר: זי קומט צו מיר אלע אווענד... איך וואלט אמאל וועלען מיט איהר מאכען א שמועס וועגען ליעבע, האב איך אבער מורא... זי איז אזוי ערענסט, אזוי פעסימיסטיש געשטימט... א פאר מאל האט זי מיר דאס דייטליך געגעבען אנצוהערען, אז זי וועט ענדליך מיט אלעם איבעררייסען, מאכען אן ענדע.
ה י י ל פ ע ר ט (שמייכעלדיג): א־ווא! ווירקליך שרעקליך... איך הער שוין דעם שאס אין איהר איינזאם צימער... (פויזע) איז זי ווירקליך א שעהן מיידעל?
ש ט י י נ ע ר (שעהמעוודיג): א זעהר, זעהר חן׳עוודיג, האט שווארצע אויגען, לאנגע האר...
ה י י ל פ ע ר ט: געה ווייטער: א שעהן ענטוויקעלטע ברוסט, לאנגע צארטע פיס...
ש ט י י נ ע ר: געה, דו ביזט א ציניקער, איהרע פיס האב איך נישט געזעהן.
ה י י ל פ ע ר ט: הם.. .ניט געזעהן... ביזטו אן עהרליכער מאן... וועגען שעהנע פיס לעזטו דאך בלויז אין די דעקאדענטישע ביכער... יא... נור ניט דאס, ענטשולדיג... איך בין ניט קיין ציניקער, איך האב אבער שטארק ליעב דאס לעבען.. און לעבען איז ליעבע, און ליעבע איז די פרוי... (פויזע) קענסט מיך אפשר בעקענען מיט דער דאזיגער פעני,

וואָס האָט שווארצע אויגען, לאַנגע האָר און טראָגט זיך ארום מיט זעלבסטמאָרד געדאַנקען.

ש ט י י נ ע ר (אין פערלעגענהייט): יאַ... פאַר וואָס ניט?... זי דאַרף דאָ טאַקי זיין באַלד... זי דאַרף דאָ נעהמען אַ בוך, זי לעזט זעהר פיעל...

ה י י ל פ ע ר ט: נאַטירליך... אַז לעבען לעבט מען ניט, לעזט מען פיעל נייע ביכער און מען טראָגט זיך ארום מיט זעלבסטמאָרד געדאַנקען.

ש ט י י נ ע ר: הייסט עס, אַז לעזען ביכער...

(עס הערען זיך טריט און אַ קלאַפּ אין טיהר).

ש ט י י נ ע ר (צוטראָגען): דאַכט זיך זי... (היילפּערט ענטפערט) אריין!

(עס בעוויזט זיך אויף די שוועל פעני, געקליידט איינפאַך אָבער אנציהענד... פון קליינעם היטעלע וואָס איז אראָבגערוקט אי־בער׳ן שטערען, קוקען אַרויס גלענצענדע שווארצע, פער׳חלום׳טע, פערביינקטע אויגען, זי גיט שטיינער׳ן די האַנד און שמייכעלט ווי אין פערלעגענהייט).

פ ע נ י (דערזעהענדיג היילפּער׳ן): ביי אייך איז דאָ אַ פרעמדער מענש...

ש ט י י נ ע ר: אַ, ניין, עס איז אַ פריינד, אַן אייגע־נער... פאַרדאַן... איך שטעל אייך ניט פאָר: פריילין פעני, הער היילפּערט.

ה י י ל פ ע ר ט (אויסציהענדיג איהר פריינדליך די האַנד און אַ דריק טהוענדיג שטאַרק איהר קליינע הענטעל): עס פרעהט מיך ווירקליך אייך צו קענען... (קוקט זי דרייסט אָן; זי [illegible] אראָפּ די אויגען, הויבט זיי אָבער אויף צוריק און קוקט היי[illegible] פערט׳ן אָן מיט נייגעריגקייט... געהט ענדליך צו צום טישעל און זוכט צווישען די ביכער).

ש ט י י נ ע ר: דאָס בוך וואָס איהר האָט געבעטען האָב [illegible] שוין פאַר אייך...

ה י י ל פ ע ר ט : אַך, גענוג שוין מיט די ביכער... לאָז מען אַביסעל אַזוי שמועסן...

פ ע נ י (מיט אַ טרויעריגען, אָבער חן׳עוודיגען שמייכעל): האָט איהר אַזוינע אינטערעסאַנטע טהעמאָס?

ה י י ל פ ע ר ט (ראַש): יאָ, איך האָב אַ שעהנע טהעמאָ.

פ ע נ י : וועגען וואָס?

ה י י ל פ ע ר ט : וועגען ליעבע...

פ ע נ י (שמייכעלט, באַלד אָבער ווערט זי טרויריג): איז עס ניט בלויז אַ וואָרט... איז דען דאָ ליעבע? גלויבט איהר אין ליעבע?...

ה י י ל פ ע ר ט (דריקענדיג מיט די פּלייצעס): זאָנ־דערבאַר... אין ליעבע ברויך מען דען גלויבען... ליעבע איז דען אַן אַבסטראַקט... ליעבע איז דאָך אַ ממשות׳דיגע זאַך... מיין גאָט!

פ ע נ י : אָ, איהר זייט אַן אָפּטימיסט... עס פרעהט מיך... שוין לאַנג ניט געזעהן אַזאַ׳ן אָפּטימיסט ווי איהר. (קוקט איהם אָן גאַנץ דרייסט).

ש ט י י נ ע ר (פיהלענדיג זיך ניט בעקוועם): אָ, דער הערר היילפּערט איז שוין צופיעל אָפּטימיסט, מיט אַבסטראַקטע פראַגען אינטערעסירט ער זיך ניט...

ה י י ל פ ע ר ט (לאַכענדיג): אָ, פריינד שטיינער, איהר טרייבט רכילות... וואָס הייסט איך אינטערעסיר מיך נישט? אין געגענטהייל, דאָס אַבסטראַקטע איז ביי מיר אַ זעהר שעהנער שפּיעל. אַזוי צו זאָגען, אַ גימנאַסטיק פאַר מיינע געהירן, וועלכע פאָדערען אַרבייט, בעוועגונג, אָבער ווי קומט עס צו פּעסע־מיזם? שפּינאָזאַ איז ניט געוועזן קיין פּעסימיסט...

פ ע נ י (נאַאיוו): אָבער אַנדרעיעוו... אַך מיין גאָט, ער איז אַזוי שוואַרץ ווי דער טויט... ער איז אַזוי טיעף...

ה י י ל פּ ע ר ט : אָ, מיין שעהנע מיידעל (פעני וויל בייז ווערען, קוקט איהם אָבער אָן און גיט אַ שמייכעל, שטאַרק רויט ווערענדיג) אנדרעיעוו זאָגט איהר, צו וואָס זשע לעזט איהר איהם. ווען ער וואָלט געווען אַן אויפריכטיגער פּעסימיסט, וואָלט ער דאָך אַזוי פיעל ניט געשריבען, א פּעסעמיסט ליגט אין זיין צימער'ל, פּיפּקעט א ליולקע און שפּייט אין באַלקען (אָבגעהאַקט) אַלזאָ וועגען ליעבע. (צולאכט זיך).

פּ ע נ י (שמייכעלט) : אויב איהר האָט עפּעס שעהנעס צו זאָגען...

ש ט י י נ ע ר (האַלטענדיג אַ בוך אין האַנד) : אָט האָט איהר דאָס בוך... לעזט איהר פריהער, נאָכדעם וועל איך לעזען.

ה י י ל פּ ע ר ט (לוסטיג און פריינדליך צו שטיינער'ן) : אַך, גענוג שוין! מיר געהען דאָך ריידען וועגען ליעבע.

פּ ע נ י (אונשולדיג): דאָס בוך איז דאָך קליגער פון אונז אַלע.

ה י י ל פּ ע ר ט (בייז) : ווער זאָגט עס איך?... אַלענ־פאַלס האַלט איך מיך קליגער פאַר אַלע ביכער...

פּ ע נ י (דרייסט) : אויב אַזוי, וואָלט געווען אינטע־רעסאַנט אייך דורכצולעזען...

ה י י ל פּ ע ר ט (לאַכענדיג) : אָ, ווען איהר לעזט מיר דורך, וואָלט איהר געווים פערשפּאַרט ביכער צו לעזען...

פּ ע נ י (ווערענדיג אין גאַנצען דרייסט און שטאַרק פער־כאַפּט פון'ם נייעם בעקאַנטען) : ברויך מען אייך לאַנג צו לעזען?

ה י י ל פּ ע ר ט (קוקט זי אָן ערענסט) : אָ, זעהר לאַנג, דאָס גאַנצע לעבען...

פּ ע נ י (ווי איבערראשט) : און איהר וואָלט עס ער־לויבט?...

ה י י ל פּ ע ר ט (קוקט זי אָן מיט ליעבע) : אייך — יאַ...

ש ט י י נ ע ר (מיט אייפערזוכט אין טאָן) : ס'וועט אייך נמאס ווערען...

הײלפּערט: מעגליך... אלענפאלס װאָלטען די ערש־טע בלעטער געװען אינטערעסאנט...

פּעני (פערשעהמט): און נאָכהער געהט עס פערװעלק־טער און פערװעלקטער...

הײלפּערט: װאָס נאָכדעם װעט זײן טראכטען ניט קײן אמת׳ע קלוגע.

פּעני: איך מײן אויך אזוי...

הײלפּערט (צופריעדען פון זײן װירקונג אויף איהר): װאָלט איהר ניט װעלען זיך דורכגעהן אביסעל מיט מיר?

פּעני (כאַפּט זיך אָן): א. יא... װארום ניט... מיט פערגעניגען! (זײ קלײבען זיך צו געהן).

פּעני (קאלט): און איהר שטײנער?

שטײנער (אונבעהאָלפען): הא... איך... (קוקט אויף הײלפּערט׳ן) נײן... איך װיל דערענדיגען א בוך...

הײלפּערט (לוסטיג): נו, געהן מיר בײדע!

(דורך די שויבען הערט זיך גיסען א רעגען).

פּעני: אוי, מײן גאָט, א רעגען גיסט!...

הײלפּערט: אַ דאָס מאכט ניט... איך בין א פּראַק־טישער מענש... איך האָב הײנט געקויפט א שירם...

פּעני (לאכט): אויב א שירם איז זעהר גוט... קומט!...

(זײ געהען ארויס... שטײנער בלײבט אַלײן, געהט אום א װײלע הין און צוריק איבער׳ן צימער; מורמעלט: — אַ שירם... אַ שירם... ס׳װערט פינסטערער און פינסטערער, געהט צו צום טיש נעהמט בלעטערן לאַנגזאם אַ בוך).

(פאָרהאַנג)

## פערזאנען:

**ליעבמאן**, אַ מאַן פון אַ יאָהר 30, מיט אַ סימפּאַטיש געזיכט.
אין די ווינקלען פון זיין געזיכט רוהט אַ פּיי־
נע, קוים בעמערקבאַרע איראָניע. אין די גרויסע
ברוינע אויגען שווימט שוועדמונג מיט ערפאה־
רונג

**ראזע**, אַ מיידעל פון אַ יאָהר 23; מיטלער גראציעזער וואוקס.
דאָס פּנים רונד און אָנציהענד. די אויגען גרויס און
שווארץ. זי לאָזט זיי אָפט אראָב, אָבער ווען זי הויבט
זיי אויף און קוקט אָן אין געזיכט איהר אָנשפּרעכענ־
דען, מערקט זיך דאָרט עפּעס געהיימניספולעס און אונ־
בעשטימטעס.

אין ליעבמאַנ׳ס צימער. אַ דריי שטוהלען, אַ זאָפע, אַ טיש, צוויי פענסטער צום גאַס. אויף די וועגד—בילדער.

ל י ע ב מ א ן (זיצענדיג אויף אַ ברעג זאָפע און אָנבויגענ־דיג זיך צו ראָזע׳ן, וועלכע זיצט אויף אַ שטוהל נעבען איהם): אַל־זאָ, ראָזע, ווי פיהלסטו זיך? (שמייכעלט) גוט?

ר אָ ז ע (צופריעדען): זעהר גוט... (קוקט איהם אין די אויגען און לאַכט).

ל י ע ב מ א ן (מיט מעהר הייטערקייט): און דו האָסט מיך טאַקע נאָך אַלץ ליעב?

ר אָ ז ע (תמימות׳דיג־קאָקעטיש): רעדסט נארישקייט...

ל י ע ב מ א ן (לאַכט): אַזוי גאָר? — איך רעד נאַ־רישקייט? דאַרפסטו דאָך טאַקע מיך שוין אויפהערען צו ליעב האָבען...

ר אָ ז ע (שפּאַסענדיג): וואָס מיינסטו? אַז דו וועסט מיר אַזוינע פראַגען שטעלען, וועל איך בייז ווערען...

ל י ע ב מ א ן (גוטמוטיג): נו, שאַ, מיין ליעבע... שוין מעהר ניט... קיינמאָל מעהר ניט. איך מאַך אַלץ אַ שפּאַס... איך האָב אַזוי ליעב מיט דיר אַמאָל אַ שפּאַס צו מאַכען...

ר אָ ז ע (גלעטענדיג איהם זיינע הענד): דו ביזט, ליעב־מאַן, אַזאַ גוטער, אַזאַ גוטער...

ל י ע ב מ א ן (מאַכענדיג זיך ווי דערשראָקען): אַי, דאָס איז שלעכט! קיין גוטער וויל איך ניט זיין... קיין גוטע האָט איהר פרויען ניט ליעב...

ר אָ ז ע (אָנגע׳ברוגז׳ט): דו פערשטעהסט פרויען

שלעכטע... איבריגענס זיינען דאָ פערשיעדענע... איך האָב בלויז ליעב די גוטע מענער...

ליעבמאַן: און די שלעכטע ניט?

ראָזע (פעסט): ניין! ניין!

ליעבמאַן: נו, און מיין חבר גאָלדבערג איז געווען אַ גוטער? (קוקט איהר אַריין אין די אויגען).

ראָזע (פערליערט זיך עטוואס): גאָלדבערג... ער... ער איז געווען אַ שלעכטער... אבער ער איז דאָך געווען דער ערש־טער, וועמען איך האָב ליעב בעקומען... איך האָב דעמאָלט אַזוי ווייניג פערשטאַנען מענשען...

ליעבמאַן (צאַרט): אַ, מיין אָרים מיידעלע... מיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט איהם נאָך איצט אויך אַמאָל אין זינען. אמת, ראָזע...

ראָזע (בייז): הער אויף צו רעדען! מאַכסט מיר בייז! איך האָב איהם שוין לאַנג פערגעסען...

ליעבמאַן: ווייל ער איז אוועקגעפאָהרען און דו זעהסט איהם ניט. אָבער ווען ער קומט, למשל, צוריק?...

ראָזע (פעסט): איך וואָלט איהם אפילו אָנקוקען נישט געוואָלט...

ליעבמאַן: פאַרוואָס?

ראָזע (קוקט איהם ליעב אין די אויגען): ווייל... ווייל איצט האָב איך ליעב בלויז דיך...

ליעבמאַן: ביזטו זיכער דערין?

ראָזע: אודאי... זיכער! זעהסטו דען ניט? פיהלס־טו דען ניט?...

ליעבמאַן (צערשטרייט): יאָ... איך פיהל, איך פיהל... (מיט אַן ענדערונג אין דער שטימע, אויפשטעלענדיג זיך און דורכגעהענדיג זיך איבער׳ן צימער) און דאָך, ווען ער קומט צו מיר, למשל, וואָלסטו זיך שטאַרק אויפגערעגט...

ראָזע (פעסט): איך וואָלט גלייך אוועקגעגאַנגען...

ל י ע ב מ א ן: פאר וואָס וואָלסטו אוועק?

ר אָ ז ע: ווייל איך האָס איהם איצט...

ל י ע ב מ א ן: האסען? פאר וואָס זאָלסטו איהם האַ־סען? נארעלע...

ר אָ ז ע: רעד נישט וועגען איהם... איך וויל מעהר זיין נאָמען נישט הערען...

ל י ע ב מ א ן: אַ מאָדנע זאַך... ער איז מיין בעסטער פריינד און דאַך, ווען דו האסט איהם, פרעה איך מיך אזוי.. עס איז נישט שעהן פון מיר...

ר אָ ז ע (שמייכלענדיג): מעגליך, אז עס איז נישט אזוי שעהן... אבער דיין דאָזיגער געפיהל קומט דאָך פון דיין ליעבע צו מיר, אמת?...

ל י ע ב מ א ן (ענטציקט): אַ, דו ביזט אַ קלוגע מיידע־לע! פערשטעהסט גוט זאכען...

ר אָ ז ע (מיט אַ שפּיעלענדען שטאָלץ): געווים בין איך קלוג... וואָס דען מיינסטו, אז נאָר איהר זענט קלוג?...

ל י ע ב מ א ן (ערנסט): אַ, איך מיין עס גאָר ניט... אפּטמאָל דאכט מיר, אז די פרויען זיינען קליגער פאר אונז... אָפּט שרעק איך מיך פאר זייער שכל...

ר אָ ז ע: שרעק זיך ניט, ליעבמאַן... מיר וועלען דיר קיין שלעכטס ניט טהאָן...

ל י ע ב מ א ן: ווער ווייס... (קוקט איהר אין די אויגען אריין): אָפּט דאכט מיר, אז גאָלדבערג איז געקומען און דו געהסט צו איהם צוריק אוועק... ראָזע, האַ? קען עס אמאָל נאָך פּאסירען?...

ר אָ ז ע: רעד ניט, ליעבמאַן... פון גאָלדבערג'ן האָב איך שוין אויף אימער זיך אָבגעזאָגט... איבריגענס אינטערעסירט ער מיך ניט מעהר...

ל י ע ב מ א ן: איז עס מעגליך אזוי גיך צו פערגעסען?

ר אָ ז ע (שוואך): זעהסט דאָך אז יאָ...

ליעבמאַן (געהט ארום הין און צוריק איבער'ן צימער, שטעלט זיך פּלוצים אָב נעבען ראָזע'ן, נעהמט זי אָן פאר דער האַנד און שרייט אויס, ווי ניט מיט זיין שטימע): ווייסט, ראָזע, גאָלד־בערג איז היינט געקומען!...

ראָזע (איבערראשט): וואָס רעדסטו? דו ווילסט מיך גענאַרען...

ליעבמאַן (טרוקען): עס איז א פאקט. היינט פריה איז ער געקומען... און פאָהרט היינט ביינאכט צוריק אוועק...

ראָזע (קוים בעהערשענדיג זיך): בלויז איין טאָג?...

ליעבמאַן: יא, בלויז אויף איין טאָג...

ראָזע: נו, האָסט מיט איהם שוין גערעדט?...

ליעבמאַן: געוויס...

ראָזע: און זיך שוין מיט איהם געזעגענט?...

ליעבמאַן: ניין, איך דארף איהם נאָך זעהן... (קוקט אויפ'ן זייגער) נאָך א האלבע שעה...

ראָזע (שטארק אויפגערעגט, נישט קענענדיג זיך בעהערשען): וואָס רעדסטו?... באמת? נאָך א האלבע שעה! מיין גאָט, וואָס עס קען פּאַסירען...

ליעבמאַן: איך האָף אבער, ראָזע, אז דו וועסט מיך לאָזען אליין מיט איהם... צו וואָס זאָלסטו זיך דארפען פּיהלען אין אן אונאנגענעהמער לאגע? דו וועסט באלד אוועק־געהן...

ראָזע (ווי אונצופריעדען): געוויס... איך וועל גלייך אוועקגעהן...

ליעבמאַן: א, מיין גוטע מיידעלע! (וויל זי קושען).

ראָזע (לייכט אָבשטויסענדיג איהם): איך בין אזוי איבערראשט... גאָר אין מיטען דערינען גאָלדבערג!... האָט איהר געהערט אביסעל. (אויפגערעגט).

ל י ע ב מ אַ ן : ווילסט איהם ניט זעהן... איך ווייס, ראָזע, דו וועסט גלייך אוועקגעהן... איך רעכען, אז דו דאַרפסט טאַקע שוין אוועקגעהן... אפשר געהט מיין זייגער ניט ריכ־טיג...

ר אָ ז ע (צוטומעלט) : דיין זייגער געהט שוין גאָר ריכ־טיג... באַלד געה איך... ווען קומט ער, זאָגסטו ?

ל י ע ב מ אַ ן : ער קומט אכט.

ר אָ ז ע : איז נאָך דאָ צייט ?...

ל י ע ב מ אַ ן : ניין, עס איז שוין וועניג צייט געבלי־בען... ווייבאַלד אז דו ווילסט זיך מיט איהם ניט בעגעגענען, דאַרפסטו שוין געהן...

ר אָ ז ע (אָנקוקענדיג איהם מיט פאָרוואורף) : דו טרייבסט מיך שוין גאָר ?...

ל י ע ב מ אַ ן (פערוואונדערט און בעליידיגט) : ראָזע, וואָס רעדסטו ? איך טרייב דיר ? ווי אַזוי קענסטו עס זאָגען !... איך מיין בלויז צו אויסמיידען פאַר דיר אַן אונאַנגענעהמליכקייט, צו בעגעגענען זיך מיט איהם...

ר אָ ז ע (פערלאָרען) : געוויס... איך וויל איהם ניט זעהן... איך האַס איהם, איך פעראַכט איהם... ער איז אַ מיאוס'ער מענש !...

ל י ע ב מ אַ ן (קוקענדיג אויפ'ן זייגער) : אָ, ער דאַרף שוין קומען... ראָזע, איך בעט דיך, געה אוועק.. עס איז בעסער פאַר אונז אַלע דריי...

ר אָ ז ע : געוויס... איך קען זיין פּרצוף ניט אָנקוקען... איך האָב קיינמאָל אַ מענשען אַזוי ניט פיינד געהאַט, ווי איהם...

ל י ע ב מ אַ ן (אויפגערעגט) : יאַ, ראָזע... איך ווייס... איך גלויב דיר... אָבער דו מוזט שוין געהן...

ר אָ ז ע : געוויס געה איך... וואָס דען האָסטו געמיינט? איך וועל וואַרטען ביז ער וועט קומען ?.. ער וועט דערצו ניט

זוכה זיין!... ערשט איצט האָב איך דערפיהלט מיין גאנצען האַס צו איהם... ערשט איצט...

ליעבמאַן (שטאַרק פערלאָרען): איך שעץ אָב דיי־נע געפיהלען... ביי דיר האָט ער עס פערדיענט... אָבער, ראָזע, עס איז שוין פינף מינוט צו אכט... ער קען דיך נאָך טרעפען אויף די טרעפּ... צו וואס דארפסטו דאָס?...

ראָזע (שפּרינגט אויף): אז איך וועל איהם טרעפען אויף די טרעפּ וועל איך גלייך ארויפלויפען אויפ'ן העכסטען שטאָק...

ליעבמאַן (אין העכסטער אויפרעגונג): א, מיין גאָל־דען קינד... דיין צאָרען פערשטעה איך... אָבער זעה, עס איז געבליבען בלויז דריי מינוט... ער קען דאָך אָנקומען, און דו וועסט קיין צייט ניט האָבען איהם אויסצומיידען...

ראָזע: איך וועל שפּרינגען דורכ'ן פענסטער... זיי רו־היג, ליעבמאַן... איהם וועל איך שוין ניט אָנקוקען...

ליעבמאַן (מיט גרויס שרעק): א, מיין גאָט! עס איז שוין באַלד אכט... נאָך צוויי מינוט... שנעלער, ראָזע... אָט איז דיין מאַנטעל.

ראָזע (היסטעריש): קיינמאָל וועל איך איהם ניט וועלען זעהן... ער איז אַ שלעכטער מענש...

ליעבמאַן (שפּרינגט פון אָרט): דו ביזט גערעכט... אָבער דאַן מוזטו דאָך שוין ענטלויפען, ווארום נאָר איין מינוט און עס וועט שוין זיין שפּעט..

ראָזע (וויינענדיג): מיין ליעבער ליעבמאַן... נעהם מיך ארום... דריק מיך פעסט צו צו דיר... אָבער פעסט... אַ, ווי ליעב איך האָב דיך!.

ליעבמאַן (צוטומעלט: יאָ.. .ראָזע... אָט, איך געה צו דיר... (עס הערט זיך אַ קלינגען) ראָזע! ער געהט!... וואָס וועסטו טהאָן?

ר אַ ז ע (מיט אַ בעהאַלטענער פרייד): איך גלויב ניט, אז דאָס איז ער...

ל י ע ב מ אַ ן: זיכער ער... ער איז אַלעמאָל פּינקטליך...

ר אַ ז ע (בייז): נו, אז ער — איז וואָס? איך לאָז מיך אויס פון איהם!... איך וויל זיך גאָר ניט בעהאַלטען פון איהם... געה שנעל עפען איהם די טהיר...

ל י ע ב מ אַ ן (צורודערט, געהט עפענען די טהיר).

ר אַ ז ע (שטעלט זיך אַוועק ביים שפּיגעל... קעהרט זיך צום אריינקומענדיגען גאָלדבערג'ן): העללאו מר. גאָלדבערג. (דריקט איהם די האַנט).

ל י ע ב מ אַ ן (בלייבט איבערראַשט).

(פאָרהאַנג)

## פ ע ר ז א נ ע ן:

נח שפּירא, דרייסיג יאָהר אלט.
חיים בערגעל, אין דיזעלבע יאָהרען.
העניע בלוט, א מיידעל פון עטליכע און צוואנציג יאָהר.

(די סצענע שטעלט פאָר אַ צימער מיט צוויי פענסטער, וועלכע געהען אַרויס צום הויף; די פענסטער זיינען פערהאנגען מיט ווייסע גארדינען; אין מיטען צימער אַ קיילעכדיגער טישעל, ארום טישעל צוויי שטוהלען, ביי דער זייט אַ וויעג־שטוהל, אין איין ווינקעל צימער אַ עטאַזשערקע וואו עס ליגען אין אונאָרדענונג אייניגע ביכער; ביי דער וואנט געגען איבער די פענסטער שטעהט אַ גרויסע ברייטע, שעהן פערבעטע בעט מיט צוויי קי־שעלעך אין דער בריים).

שפ י ר א (מיט אַ בלאס אינטעליגענטען אויסזעהן, שטעהט נעבען אַ פענסטער און קוקט אַ ווײַלע אין הויף אַרויס, נאָכדעם געהט ער צו צום בעט, גיט א פיהר איבער אַ קישעלע און בלייבט ווידער פערטיעפט, עס הערט זיך אַ קלאפּען אין טיהר, שפּירא רופט אויס): אריין!

ב ע ר ג ע ל (קוקט זיך אַרום ווי איבערראשט מיט אַ שמייר־בעל אויפ'ן גלאַט ראזירטען פּנים): אַבער א צימער, א פּאלאַץ, וואַס איז מיט דיר, שפּירא, ביזט רייך געוואָרען!...

ש פּ י ר א (שמייכלענדיג): ניין, ברודער, קיין גביר בין איך ניט געוואָרען. אַבער עס האָט זיך מיר געמאכט א מציאה, שטעל זיך פאָר, אזא צימער דריי דאָלאר א וואָך... עס איז דאָך ווירקליך אונערהערט ביליג!

ב ע ר ג ע ל: יא, ווירקליך ביליג (קוקט זיך ווידער אַרום זיינע בליקען פאַלען אויפ'ן בעט, צולאכט זיך): אבער, ברודער, אַ בעט! ווערסט דאָך אין איהם פערלאָרען...

ש פ י ר א (פערלעגען): אמת טאקע... צו גרוים! ס׳איז אייגנטליך א בעט פאר א פאר פאלק...

ב ע ר ג ע ל (שמייכלענדיג): וואס מיינסטו? שפירא ס׳וואלט שוין טאקע צייט געווען... ביזט שוין, ברודער ניט קיין אינגעלע... ווי באלד א בעט איז שוין דא, נעהם א ווייב און פטר אן עסק!

ש פ י ר א (בלומרשט בייז): דול מיר ניט קיין קאפ... איך האב ניט ליעב די נארישקייט...

ב ע ר ג ע ל (ערענסטער): נארישקייט? איך בין נאך ניט זיכער, אז עס איז נארישקייט... די גרעסטע חכמים האבען געהאט ווייבער.

שפ י ר א (לאכענדיג): ס׳הייסט ווייל ס׳איז דא א גרויסע בעט, דארף מען שוין חתונה האבען...

ב ע ר ג ע ל: נו, יא, דאס בעט האט אביסעל א שייכות דערצו.

ש פ י ר א: נא... איך לייקען דאס ניט... איך אבער קוק אויף די הייראט אביסעל העכער...

ב ע ר ג ע ל (וויציג): ווארום? דאס בעט איז גענוג הויך...

ש פ י ר א: אט לאמיר ריידען וועגען פרעהליכערע זאכען! (צוטראגען) קאפע ועסטו טרינקען?... איך קען בעשטעלען ביי דער מיסעס, זי איז א זעהר פריינדליכע קריסטין. זי האט מיר געזאגט, אז אויב איך וויל אמאל אויפגעהמען א גאסט, קען איך אנקלינגען, וועט זי מיר ברענגען קאפע.

ב ע ר ג ע ל: ניין, א דאנק... איך דארף שוין געהן... איך בין בלויז אריין אויף א ווײלע, געוואלט זעהן דיין נייעם צימער.

ש פ י ר א: איך דאנק דיר... עס איז טאקע אומעטיגליך. איך האב געשריבען העניען אויך, זי זאל קומען, קען זיין זי זאל נאך היינט קומען. איך געה דערפאר ניט אוועק.

בערגעל (צופריעדען): אַט דאָס מיין איך טאַקע, זאָל זיין העניע, זאָל זיין איידע... אַבי ניט אַליין (קוקענדיג אין בעט) און בפרט איצט, אַז דו האָסט אַזאַ ווירקליך בעקוועם בעט...

שפירא (כלומרשט בייז): נו גענוג!...

בערגעל: זיי מיר מוחל, איך מיין ניט קיין שלעכטס... גלאַט אַזוי — מען קוקט אויפ'ן בעט, רעדט זיך ממילא... איצט ברודערקע, געה איך... איך דאַרף דאַ אַריין געהן פאַר דריי בלאָקס.

שפירא: קום נאָכדעם צוריק...

בערגעל: אפשר, אויב איך וועל דאַרטען ניט טרעפען קיינעם אין דער היים. דערוויַיל גוד־באַי, פריינד. (אָב).

שפירא (בלייבענדיג אַליין): זי וועט קומען צו ניט? (געהט צו צום בעט און ציהט זיך אויס אין דער ברייט. עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיהר. ער שפּרינגט אויף, לויפט צו צום טיהר און עפענט איהר. עס קומט אריין העניע; אָנגעטהאָן אין אַ נייעם סוט, דאָס געזיכט אַביסעל אָבגעלעבט, אָבער נאָך מיט צאַרטען חן; די אויגען גלאַנצען מיט בענקשאַפט און בעגעהר).

העניע: אַ קוים געטראָפען! הייסט עס — דאָ וואָהנט איהר! (בעטראַכט דאָס צימער) אַ זעלטען שעהנער רום, צוויי פענסטער... (געהט ווייטער): אַ וויעג־שטוהל אויך... איך וועל זיך טאַקע אַביסעלע וויעגען (בעטראַכט דאָס בעט, שיסט אויס מיט אַ גרויס געלעכטער) אָ, מיין גאָט, זעהט ס'אַרע בעט! אַזאַ גרויס בעט! שפירא, צו וואָס בעדאַרפט איהר אַזאַ גרויס בעט? חי־חי־חי! אוי, איך דערהאַלט ניט.. דאָ קען דאָך שלאָפען אַ גאַנצע פאַמיליע...

שפירא (פערשעהמט): נו, וואָס קען איך העלפען... דאָס איז אַן אַמעריקאַנער מיסעס.. ביי די אַמעריקאַנער זיינען אַלע בעטען אַזעלכע גרויסע...

ה ע נ י ע (לאכענדיג אליין): נו, איהר האט גאר גיט קיין מורא צו שלאפען אליין אין אזא בעט ?...

ש פ י ר א : וואס מיינט איהר... אביסעל איז טאקע נישט בעקוועם, מיר דאכט זיך, אז איך וועך אין איהר פערלארען, די ערשטע נאכט האב איך ניט געקענט איינשלאפען. איך האב מאד־נע געפיהלט.

ה ע נ י ע (ערנסטער): ווירקליך מאדנע.. איך וואלט ניט געקענט ליגען אליין אין אזא גרויסע בעט...

ש פ י ר א : יא, מיר איז אויך ניט אנגענעהם... מענ־ליך, אז די מיסעס וועט מיר געבען אן אנדער בעט...

ה ע נ י ע (כאפט זיך אן): א, ניין, צו וואס איבער־טרייבען ? פערקעהרט, ס'איז גאנץ בעקוועם. ניין, בייט ניט אום... מיר געפעלט עס — ברייט, פריי !

ש פ י ר א : יא, אבער איהר האט דאך געלאכט...

ה ע נ י ע : א, איך האב ניט געלאכט... איך האב גלאט געזאגט, אז עס איז א גרויסע בעט..

ש פ י ר א : אבער עס איז באמת ניט בעקוועם...

ה ע נ י ע : פאר וואס אייגענטליך ?

ש פ י ר א (דרייסטער): ווייס איך, עס איז אייגענטליך א בעט פאר א פאר פאלק, פאר א מאן און ווייב... איך בין דאך א בחור... איהר ווייסט דאך... צו וואס זאל איך געברויכען אזא גרויס בעט...

ה ע נ י ע (שמייכלענדיג): נו, נעהמט מען א ווייב... וואס איז ? ווענינ מיידלעך זיינען דא אין אמעריקא...

ש פ י ר א : אך מיין גאט ! נעהמען א ווייב... קויפט מען דען א ווייב אין א דעפארטמענט סטאר...

ה ע נ י ע : צו וואס קויפען ? איהר קענט דאך אויס־קלייבען איינע פון אייערע בעקאנטע.

שפ י ר א : ווייס איך, עפעס האב איך דאריבער קיינ־

מאָל ניט געטראַכט... אַט קען איך אייך שוין אַ צוויי־דריי יאָהר און דאָך האָבען מיר וועגען אַזעלכעס קיינמאָל ניט גערעדט...

ה ע נ י ע (פּאַכעט זיך מיט'ן טיכעל): אוי, ביי אייך איז ד'אַכט מיר, צו היים... עפּענט אויף אַ פענסטער...

ש פּ י ר א : יאָ, איך קען עפּענען... אַבער טהוט אויס דעם דזשעקעט...

ה ע נ י ע (פּערלעגען): יאָ, ווירקליך, איך וועל מיך אויסטהאָן! (טהוט אויס דעם דזשעקעט, בלייבט אין אַ דורכזיכ־טיגע ווייסע ווייסט, דורך וועלכע עס קוקט אַרויס איהר שעהנע ווייסע ברוסט).

ש פּ י ר א (קוקענדיג אויף איהר ווייסט): אַך, מיין גאָט, איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אייך אַזוי שעהן...

ה ע נ י ע : אַ, איהר מאַכט מיר קאָמפּלימענטען... פון אייך האָב איך עס ניט ערוואַרטעט...

ש פּ י ר א (אויפגערעגט): פאַר וואָס? איהר מיינט אַז איך ווייס ניט ווי אַזוי צו שעצען אייך?...

ה ע נ י ע (רויטלענדיג זיך): פאַר וואָס עפּעס דוקא היינט?

ש פּ י ר א : היינט האָב איך מיר עפּעס דערפיהלט דרייסטער, לעבענסלוסטיגער.. אַ נייער צימער... נייע האָפנונ־גען (נעהמט זי אָן פאַר'ן האַנד): זעצט זיך, העניע, לעבען מיר... אַט דאָ...

ה ע נ י ע (פערשעהמט): וואָס עפּעס דאָ? איך וועל מיך זעצען אויפ'ן וויעג־שטוהל...

ש פּ י ר א (אין העכערע אויפרעגונג): אַ, צו וואָס אויפ'ן וויעג־שטוהל... דאָ, איז זעהר, זעהר אנגענעהם... (ער ציהט זי צו זיך, זי פאָלגט איהם ווילענלאָז, זיי זעצען זיך ביידע צו. ער גלעט איהר די האָר.) איהר האָט זעלטען שעהנע האָר... צולאָזט זיי, איך בעט אייך, צו וואָס די שטאהלענע האָר־נאָדלען, די שווערע קאַמען, בעפרייט זיך פון זיי...

ה ע נ י ע (ווי דערשראָקען): ניין, ניין, מען דאַרף ניט!... עס קען נאָך אימעצער אָנקומען...

ש פּ י ר א (פליסטערענדיג): ניין, מיין הענעלע, קיינער וועט ניט קומען... קיינער ניט... אז איהר זייט דאָ, ברויך איך קיינעם ניט... איך וועל קיינעם ניט אריינלאָזען... (שלעפּט נער־וועז די האָר־נאָדלען און די קאמען פון איהר קאָפּ, אַ מאָמענט, אין די שוואַרצע שעהנע האָר ווערען צושאָטען איבער די שולטערען).

ש פּ י ר א (שרייט אויס מיט ענטציקונג): ווי הערליך! מיין גאָט! (שליסט זי אין זיינע ארעמס) הענעלע, טהייערע, איך האָב אייך יעצט אזוי ליעב, אזוי ליעב!

ה ע נ י ע (אין זיינע אָרעמס): בלויז איצט?...

ש פּ י ר א (פייערדיג): ניט בלויז איצט.. שטענדיג, שטענדיג, שטענדיג וועל איך דיך ליעבען... (ראש) ווילסט, הע־נעלע, זיין מיט מיר שטענדיג?...

ה ע נ י ע (קוקט איהם אָן מיט פערשעהמענדע בליקען): מיינט איהר עס ערענסט?

ש פּ י ר א (מיט גלוט): אַ, מיט דעם הייליגסטען ערענסט, העניעלע, מיין גאָלדענע! גלויב מיר! איך מיין עס ערענסט... (נעהמען זיך שטאַרק ארום).

ה ע נ י ע (בליבענדיג פערגליווערט אין זיינע ארימס): א מיין טהייערער! ווי גוט עס איז צו זיין צוזאמען!

ש פּ י ר א: דאָס העכסטע גליק פון וועלכע איך האָב די לעצטע יאָהרען געטרוימט...

ה ע נ י ע (צולאכט זיך): און ווער, שפּירא, איז אונזער שדכן געווען...

ש פּ י ר א (גלעטענדיג זי): אַ, דער שדכן איז דאָס שעה־נע בעט, וועלכע האָט שאַרפער געמאכט מיין איינזאמקייט.

ה ע נ י ע (אין עקסטאז): געבענטשט זאל עס זיין אויף אימער!

ש פ י ר א (מיט כונה): יא, געבענטשט!

(העניע און שפירא קושען זיך הייסער און הייסער).

(פאָרהאַנג)

## פערזאנען:

ליזא, 25 יאָהר, אַ ברונעטין, זעהט אוים ווי אַ שפּאַניערין.
ראָזא, 20 יאָהר, איהר שוועסטער.
נחום, 25 יאָהר, זייערער אַ קוזין.
באָרדאשי, 30 יאָהר, עבטער ברונעט.
(די סצענע קומט פאָר אין ניו־יאָרק, די לעצטע צייט)

די סצענע שטעלט פאָר אַן אָרים, אָבער זויבער אויפגע־רוימט צימער. די צוויי בעטען זאָרגפעלטיג פערבעט. בלאַנק־ווייסע ציכען אויף די קישענס. איבעראל מערקט זיך די אָרביים פון געשמאַקפולע פרויען־הענד. 7 אַ זייגער אין אָווענד. דער גאַז איז שוין אָנגעצונדען. אַז דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, געפינט זיך אויף דער סצענע ליזא און ראָזא.

ל י ז א : די אידישע יונגעלייט מעגען זיך אַלע אויפ־הענגען... אַלע ביז איינעם...

ר אָ ז א : יאָ, זיי זיינען אַלע גראָב... איך האָב זיי אויף פיינט...

ל י ז א : זיי זיינען נישט אויפריכטיג און האָבען נישט קיין שום אהנונג פון וואהרער ליעבע...

ר אָ ז א : פאַרהאַן זאַגאר אויסנאהמען..

ל י ז א (האַקט זי בייז איבער) : געה זוך די אויסנאהמען! דו ביזט נאָך יונג, אָבער איך... פון אַלע מיינע ליעבעס מיט אידישע יונגעלייט האָט זיך אויסגעלאָזט א טייך. (פערהאַפט זיך) קיין טייך אויך נישט... דאָס האַרץ איז אזוי טרוקען...

ר אָ ז א : מיינסט, אז ניט־אידען זיינען בעסער?...

ל י ז א : יאָ! איך בין זיכער... איך בין זיכער... (געהט אום אויפגערעגט הין און צוריק איבער'ן צימער).

ר אָ ז א (מיט אַנטייל) : ליזע, עפּעס ביזטו צופיעל פער־טיעפט...

ל י ז א : יאָ, איך האָב עפּעס צו דערצעהלען, נאָר איך וויים נישט, וועמען קען איך עס ענטרעקען...

ר אָ ז אַ : פאַר מיר, דאַכט זיך, קענסטו אַלץ דערצעה־לען... ווייסט דאָך, אַז איך פערשטעה דיך און פיהל דיר מיט.

ל י ז אַ (פאַלט איהר אַ ווייגענדיגע אויפ'ן האַלז): אוי, ראָזעלע, אַז דו וואַלסט וויסען, וואָס ביי מיר קומט איצט פאָר אין הארצען...

ר אָ ז אַ (גערירהרט): דערצעהל מיר, ליזא, דערצעהל...

ל י ז אַ (בערוהיגט זיך אַביסעל): יאָ, דיר וועל איך עס דערצעהלען... אייגענטליך וועל איך עס מוזען אלעמען דערצעה־לען... איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט... ווייסט, ראָזע־לע, עס קאָן זיין, אַז איינגיכען זאָל איך פריי ווערען פון מיין שאפ...

ר אָ ז אַ (שטאַרק פעראינטערעסירט): וואָס הייסט?

ל י ז אַ : איך האָב מיט אַ פאָר וואָכען צוריק זיך בע־קענט מיט איינעם, וואָס געהט אויס נאָך מיינע טריט...

ר אָ ז אַ (גליקליך): זעהר גוט! זעהר גוט... אוי, ווי צו־פרידען איך בין... דערצעהל מיר, ווער ער איז... בעקען מיך מיט איהם...

ל י ז אַ : אָט דאָס איז אָבער דאָס איינציגע, וואָס איז מיר שווער...

ר אָ ז אַ : פארוואָס...

ל י ז אַ : ער איז נישט קיין איד.

ר אָ ז אַ (ווי דערשראָקען) : הם... אַ גוי...

ל י ז אַ (בייז): דו אויך!... אַ גוי! קענסט נישט זאָ־גען חאָטש אַ קריסט...

ר אָ ז ע : ענטשולדיג, איך האָב מיך אויסגערעדט... איך מיין טאַקע... אַ קריסט...

ל י ז אַ : ביי מיר איז נישטאָ קיין גוי און נישט קיין קריסט — איך ווייס נאָר, אַז ער איז אַ שפּאַניער...

ר אָ ז אַ : ווי אַזוי האָסטו זיך מיט איהם בעקענט?...

ל י ז א (שטראהלענד): אויף זעהר אַן אינטערעסאַנטען אופן... איך בין מיט א פּאָר וואָכען צוריק געפאָהרען מיט'ן עלעד ווייטער, זיצט אזוי נעבען מיר א ברונעטער יונגערמאַן מיט אויגען, שוועסטערקע, מיט אויגען, אז זיי האָבען מיך דורכגעד דרונגען... שוואַרץ ווי קויהל!... און האלט אזוי די אויגען אויף מיר און קוקט אויף מיר אזוי.. איך בין זיך מודה, אז איך האָב אויך אויף איהם געקוקט... עפּעס האָב איך זיך נישט געפיהלט גענוג שטארק, נישט צו קוקען אויף איהם... ענדליך הער איך ווי ער פרעגט מיך: — זענט איהר נישט קיין שפּאַניערין?... איך בין אין אָנפאנג געוואָרען צוטומעלט און האָב נישט געקענט איהם ענטפערן, נאָר באַלד האָב איך געפאַסט מוט און איהם געענטפערט: צום בעדויערען, ניין... ער האָט א שמייכעל געטהאָן און זיך אָנגערופען:ווירקליך צום בעדויערן... איך האָב געד מיינט, איהר זענט מיינס א לאַנדס־מיידעל... דאָ זיינען דאָ אזוי ווייניג אונזערע פרויען... ער האָט מיך אזוי דערמיט געריהרט, אז איך האָב גלייך בעקומען מוט און געפרעגט: און נישט קיין שפּאַניערין קען אייך דען קיין פריינד נישט זיין? איך וויים אליין נישט, וואו איך האָב געקריגען דעם מוט צו זאָגען איהם דאָס... ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אזוי פיעל ליעבע, אז איך האָב געמיינט, איך צוגעה. נאָכדעם רופט ער זיך אָן: קען איך האָבען דאָס גליק צו זעהן אייך נאָך אמאָל?

איך האָב איהם געענטפערט, אז איך קען איהם נישט... דאָך האָב איך איהם פערשפּראָכען צו טרעפען זיך מיט איהם אמאָל... אז עס איז געקומען די סטיישאָן, וואו איך האָב געדאַרפט אראָב, איז ער אויך אראָב און האָט זיך אָנגערופען: איך וועל אייך אליין נישט לאָזען געהן, איך וועל אייך בעגלייטען... אראָבד געהענדיג פון די טרעפּ, האָט ער מיר גלייך גענומען אונטערן אָרים. איך האָב נישט געהאט קיין קראַפט ווידערצושטעהן און ער האָט מיך בעגלייט ביז'ן הויז...

ר אָ ז א: זעהר אינטערעסאַנט!

ל י ז א : זייט דאן טרעפען מיר זיך אלע אווענד...

ר א ז א : האט איהר שוין גערעדט וועגען ערנסטעס?... כ'מיין, צו וואס קען עס פיהרען?...

ל י ז א : ער דארף היינט צו מיר קומען אהער. מיר דאכט, ראזעלע, אז ער וועט זיין מיין חתן און שפעטער מיין מאן... איך וויל, דו זאלסט איהם טאקע קענען...

ר א ז א : איך וויל איהם טאקע זעהן... איך האב נאך קיינמאל קיין שפאניער נישט געזעהען... מען זאגט, זיי האבען זעהר היים בלוט... אן אמת טאקע, ליזא?...

ל י ז א (פערשעמט) : ווייס איך...

ר א ז א : ווי הייסט, דו ווייסט נישט... האט ער דען דיך נישט געקושט אמאל...

ל י ז א (לאכענדיג גוטהערציג) : נארעלע, אויף דער גאס קען מען זיך נישט קושען.. א פאליסמאן קען נאך אוועקפיהרען אין סטיישאן-הויז... אט וועסטו איהם היינט זעהן...

ר א ז א : איך וויל איהם זעהר זעהן! (נאאיוו) איך וועל גלייך אוועקגעהן, איך וועל דיר נישט שטערען...

ל י ז א (פערשעמט) : ביזט א נאר... וואס וועסטו מיר שטערען... דארפסט נישט אוועקגעהן...

ר א ז א (צוהיצט) : ניין, איך וועל אוועקגעהן, איהר וועט זיך דא פערברענגען...

ל י ז א (אויפגערעגט) : אוי, מיין גוט שוועסטערל! (צעוויינט זיך).

ר א ז א : טא וואס וויינסטו, נארעלע? געהערט אבי-סעל... וויינט גאר... (בתמימות) וויינסטו וייל א קריסט?...

ל י ז א : ניין, דאס ארט מיך נישט. וואס ארט מיך, ווער עס וועט מיר געבען גליק... איך ווייז גלאט אזוי, עס וויינט זיך...

ר א ז א (דערמאהנענדיג זיך אן עפעס) : אוי, ליזא... ווען נחום זאל דאס וויסען! ער איז אזא נאציאנאליסט, ער וועט אזוי בייז זיין!

ל י ז אַ : נו, וועט ער ביין זיין! איהם איז גוט, אַז ער האָט ארום זיך פיעל אידישע מיידלעך... זאָל ער פּרובירען לע־בען אזוי איינזאם ווי איך... אַ גאַנצען טאָג ארבייטען אין שאפּ און אין אָווענד לייענען אַ פּייפּער, — וועט ער אויך נישט מאַ־כען קיין אונטערשיד פון אַ אידישער ביז אַ קריסטין...

ר אָ ז אַ (נאָכדענקענדיג): אודאי אזוי... אין ליעבע־זאַ־כען איז נישטאָ קיין איד און קיין קריסט...

ל י ז אַ: בכלל האָב איך קיין מורא נישט פאר קיינעם... איך וועל מיין גליק נישט אָבשטויסען צוליעב אמונה... אַז נחום קומט, דערצעהל איך איהם...

ר אָ ז אַ : ער דארף שוין טאקי דאָ באלד זיין. ער האָט נעכטען מיר געזאָגט, אַז היינט קומט ער. — שאַ, מיר דאכט, אַז ער געהט...

ל י ז אַ : אפשר געהט דאָס דער שפּאַניער? (עס עפענט זיך די טיר און נחום געהט אריין).

נ ח ו ם : (דערלאַנגענדיג ביידען די הענד): וואָס מאכט איהר, מיינע שוועסטערליך?...

ר אָ ז אַ (לאַכענדיג): אַ תנאים!

ל י ז אַ (צו ראָזען): רייד נישט קיין נארישקייט..

נ ח ו ם : עפּעס אַ סוד... דערצעהלט מיר, נאַרישע קינ־דער. עפּעס בין איך דאָך אייער גייסטיגער אַפּעקון...

ל י ז אַ : אַ נאַרישקייט, איך האָב מיך בעקענט מיט אַ יונגענמאַן, הייסט שוין ביי איהר מאַכען תנאים...

נ ח ו ם : אַדרבא, גאַנץ פיין. תנאים איז אַ אידישע זאַך...

ל י ז אַ (ראַש): דער חתן איז אָבער נישט קיין איד.

נ ח ו ם (איבערראַשט): נישט קיין איד... וואָס הייסט נישט קיין איד?...

ר אָ ז אַ (שיסט אויס): אַ קריסט...

נ ח ו ם : א קריסט! ווי קומט ליזא צו קריסטען? אר־בייטסט דאך אין א אידישען שאפ!...

ל י ז א : וואס מיינסטו טאקע, אז אין ניו־יארק איז שוין גאר קיין קריסטען נישטא?...

נ ח ו ם (לאכענדיג) : סיידען אין בראנזוויל... איך בין שוין דא דריי יאהר און האב נאך קיין קריסט נישט געזעהען...

ל י ז א : נו, איז דאך גוט... טא וואס דארפסטו ארץ־ישראל? איז דאך דא ארץ - ישראל....

נ ח ו ם : דאס איז אן אנדער פראגע. וועגען ארץ־ישראל האבען מיר מארגען טאקע א מיטינג... היינט אבער דערצעהל מיר, ווער איז טאקע דיין נייער בעקאנטער. זיי פארזיכטיג.

ל י ז א (בייז) : פארזיכטיג! פארזיכטיג! נאר זיי היטען זיך!

ר א ז א (קען נישט איינהאלטען זיך) : ווייסט, ווער איהר חתן איז?... א שפאניער!...

נ ח ו ם (דערשראקען) : א שפאניער! ווי קומט זי צו א שפאניער... דו בלאפסט.

ל י ז א : ניין, ברודערל, זי בלאפט נישט. מיין בעקאנ־טער איז א ריינער שפאניער.

נ ח ו ם (ערנסט) : ליזא, וואס רעדסטו, — געהסט זיך פערבינדען מיט א שפאניער?... האסט נישט געלעזען די אידי־שע געשיכטע?...

ל י ז א : וועלכע געשיכטע?...

נ ח ו ם (צוקאכט) : דו ווייסט נישט פון דער געשיכטע פון אידען אין שפאניען... ווייסט נישט, אז מען האט אונז דאר־טען געברענט אויפ'ן אויטא־דא־פע...

ל י ז א (פער'חדוש'ט) : אויפ'ן וואס?

נ ח ו ם (קרימט זי בייז) : אויפ'ן וואס? אויפ'ן וואס? — אויפ'ן אויטא־דא־פע... די אינקוויזיציע...

ל י ז א : אינקוויזיציע... מיינע געשעפטען... אין שאָפּ איז מעהר אינקוויזיציע...

נ ח ו ם : איך וועל דיר נישט לאָזען האָבען קיין געשעפ־טען מיט'ן שפּאַניער... (אויפגעבראכט) : וועה! וואָס א אידישע טאָכטער קען זיך ערלויבען!... אט דאָס זאָגט טאָקע מאקס נאָרדוי...

ל י ז א : שוין מאקס נאָרדוי — וואָס איז דאָס פאר א מין אינקוויזיציע?

נ ח ו ם (ווייכער) : ליזא, ווייסט דאָך, אז איך בין נישט קיין פאַנאַטיקער, מיך אַרט נישט זאָלסט חתונה האָבען, למשל, מיט א סאָציאַליסט, כאָטש פיינט האָב איך זיי אויך, ווי א איד — חזיר. (ווידער בייז) האָב חתונה מיט אן איטאַליענער, צו אַלדי טייוועל! מיט א יאַפּאַנעזער, מיט א חינעזער, מיט אן עסקימאָס... וויבאַלד אז אייך ציהט צו גוים! אָבער מיט א שפּאַ־ניער... דאָס פאָלק, וואָס האָט אידען אזוי געפּייניגט...

ל י ז א (סארקאַסטיש) : מיך האָבען זיי נישט געפּיי־ניגט... מיין אידישער באָס פּייניגט מיך מעהר...

נ ח ו ם : רעדסט ווי אן אנטיסעמיטין, ווי א פּעררעטע־רין!

ר אָ ז א (האַקט איבער) : עמיצער געהט.

ל י ז א (אויפכאַפּענדיג זיך) : דאָס איז ער! דער שפּאַ־ניער!

נ ח ו ם : איך וועל איהם ארויסיאַגען!

ל י ז א : איך בעט דיך, זיי א מענש, געה אריין אין מיין לאַגע...

נ ח ו ם : אָ, טאָרקוועמאַדאָ! אינקוויזיציע! אויטאָ־דאַ־פע! פערפלוכט זאָלט איהר זיין!

ר אָ ז א : ששש...

(עס עפענט זיך די טיר און עס געהט אריין באַרדאַשי. נחום שטעלט אויף איהם אוים די אויגען, גיט זיך אַ חאַפּ צו איהם און צולאַכט זיך).

נ ח ו ם : פּייטעלאָוויטש... א רוח אין דיין טאַטען אריין!... ווען ביזטו דאָס געוואָרען א שפּאַניער?...

(ליזא פערברעכט מיט די הענד; ראָזא האַלט זי צו, זי זאָל ניט פאַלען).

נ ח ו ם (צו באַרדאַשי) : אוי, איידער אַזא איד, איז שוין טאַקע בעסער אַ שפּאַניער...

(פאָרהאַנג)

## פ ע ר ז א נ ע ן :

פייערמאן, א שריפטשטעלער, א פעסט געבויטער מאן פון 30 יאהר.
מערי, זיין פרוי, אונגעפעהר 25 יאהר.

סצענע: א שרייב־קאבינעט, פאר מיטאג, די שטארען זוי־נען ארײַנגעלאָזט איבער די פענסטער. אויף די ווענט קאָ־פּיעס פון מאָדערנע און קלאסישע קונסט־בילדער. אין מי־טען צימער דער שרייב־טיש, ארום טיש אַ צוויי שטול־לען, ביי דער זייט אַ סאפע, די פרוי הויך און שלאַנק מיט אַ בלאסט צארט געזיכט, מיט גרויסע, קלוגע און ענערגישע אויגען. מאַכט אָרדענונג אין צימער. זי איז געקליידעט אין אַ מאָרגען־ראָק. עס געהט אַריין פייערמאַן מיט אַ צייטונג אין דער האַנד. דאָס יונגע פריש ראזיר־טע געזיכט שפראָצט מיט לעבען, גלויבען און גליק. ער בעמיהט זיך אָבער צו זיין אונצופריעדען, אומזיסט. די אויגען גרויסע, שווארצע און אויסדרוקספאלע, ווי ביי אַ קלוג קינד — לאַכען.

פ י י ע ר מ א ן (אַזוי ווי בייז): שוין ווידער א קרי־טיק איבער מיין נייעסטעם בוך...

מ ע ר (צופריעדען) י ריהמט מען דיך ווידער? (לאַ־כענדיג) געווים ריהמט מען דיך... כ׳האָב נאָך קיינמאָל קיין שלעכט וואָרט איבער דיר געלעזען.

פ י י ע ר מ א ן (שמיכעלט): די אידיאָטען ריהמען מיך שטענדיג. אבער דער היינטיגער קריטיקער איז שוין עטוואס קליגער — ער וואָרפט מיר וואָס פאָר.

מ ע ר י (אונרוהיג): אזוי גאָר! ווי וואגט ער עס איי־גענטליך?...

פ י י ע ר מ א ן (ווי פערוואלקענט): ער האט געכאפט מיין שוואכע זייט...

מ ע ר י : נעמליך, וועלכע ?

פ י י ע ר מ א ן (בייז) : ער שרייבט, אז אין מיין שאפען פעהלט דאָס לײדען..

מ ע ר י : א חסרון: די כלה איז צו שעהן !...

פ י י ע ר מ א ן (בייז אויף מערי'ן) : ער איז דאָך גע־רעכט... איך האָב עס שטענדיג געפיהלט און האָב געוואוסט, אז ענדליך וועט מען מיך פּאקען. איצט האָט מען מיך געפּאקט ! (נאָכדענקענדיג) אין דער אמת'ן — ווי אזוי האָב איך פּרע־טענזיעס אויף געניאליטעט, אז איך האָב אין מיין לעבען קיין מאָל ניט געליטען, נישט פיזיש, נישט מאָראליש... מיר האָט קיין מאָל קיין צאָהן ניט וועה געטהאָן, מיך האָט קיין מאָל דאָס געוויסען ניט געביסען (נאָך א פּויזע, בייז) : איך וויל לייַ־דען, הערסט, מערי, איך וויל לײדען !

מ ע ר י (צולאַכט זיך) : אה מיין גאָט, ווי קאָמיש ! א מענש וויל לײדען...

פ י י ע ר מ א ן : נאר דו, נישט צוליעב מיר וויל איך לײדען — צוליעב דער קונסט !

מ ע ר י (אָנקוקענדיג איהם פער'חדוש'ט) : נו, וואָס קען איך דיר טהאָן, דו זאָלסט לײדען ?... זאָל איך דיר אפשר אויפ־הערען טריי צו זיין ?...

פ י י ע ר מ א ן (מיט א שטראהלענדען געזיכט) : דענקסטו, אז עס וואָלט געהאָלפען ?...

מ ע ר י (בייז) : און דו ווייסט עס ניט ? פיהלסט עס ניט, אז דו וואָלסט דערפון געליטען ?

פ י י ע ר מ א ן (ערענסט) : געוויס, געוויס, נשמה מיי־נע ! אך, ווי וואָלט איך געליטען ! אָט איך פיהל שוין די לײדען! אָה, מערי, פערלאָז מיך ניט !

מ ע ר י (שמייכלענד) : אבער דו ווילסט דאָך לײדען צוליעב דער קונסט !

פ י י ע ר מ אַ ן: האַ, צוליעב דער קונסט.. די קונסט... אַך, יאַ, עס וואָלט כּדאַי געווען, מערי — איך פיהל, אַז אַהן שטאַרקע איבערלעבעניש לעשט זיך מיין שאַפען. איך מוז אָנ־הויבען שטאַרק פון עפּעס צו ליידען. איך מוז מיין קונסט פער־טיעפען. צו שעהן איז זי, צו גלאַט; זי מוז אין דער טיעף געהן, מערי! וואָלסט אימשטאַנדע געווען מיר אונטריי ווערען?

מ ע ר י (שמייכלענד): צי איך וואָלט אימשטאַנד געווען? וואָס מיינסטו, דו ביזט דער איינציגער, וועלכען מען קען ליעב האָבען? נאַר דו! (קוקט איהם אָביסעל חוזק'דיג אָן).

פ י י ע ר מ אַ ן (איבערראַשט): דאָס איז פאַר מיר אַן אונערוואַרטעטע ענטדעקונג. טאַקע אמת? נאָך אַזאַ ליעבע וואָלסטו מיך געקענט פערלאָזען?

מ ע ר י (רוהיג און שטאָלץ): נאָך ווי פערלאָזען! ס'איז גאָר ניט אַזוי שווער ווי דו מיינסט..

פ י י ע ר מ אַ ן (פערטראַכט זיך): אוי, וואָלט עס גוט געווען... אוי, וואָלט איך געליטען!

מ ע ר י (שטרענג): קענסט שוין ליידען..

פ י י ע ר מ אַ ן: וואָרום עפּעס שוין?...

מ ע ר י (בעדייטענד): ווייל איך האָב דיך שוין לאַנג פערראַטהען, אונטריי געבליבען...

פ י י ע ר מ אַ ן (שפּרינגט אויף): דו האָסט מיך שוין לאַנג פערראַטהען, ווען? ווי אַזוי? דערצעהל!

מ ע ר י (לאָזט אַראָב די אויגען): ניין דערצעהלען דיר קען איך עס ניט, איך וואַג עס ניט, איך האָב מורא...

פ י י ע ר מ אַ ן (נעהמט זי אָן ביי די הענד): ניין, דו מוזט, דו מוזט מיר אַלץ דערצעהלען. איך וועל דיר אַלץ מוחל זיין, נאָר דערצעהל... (קושט זי) דערצעהל, טהייערע מערי, דער־צעהל ווען און ווי אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען...

מ ע ר י (שעמעוודיג): דאָס איז געווען מיט אַ יאָהר צוריק, געדענקסטו ווען דו האָסט פון דער זומער־וואָהנונג גע־

מוזט וועגען דיינע ליטעראַרישע געשעפטען אויף א פּאָר וואָ־
כען אָבפּאָהרען ?...

פ י י ע ר מ א ן (מיט ברענענדיגע אויגען) : איך גע־
דענק, נו ?...

מ ע ר י (פערדעקט מיט די הענד די אויגען) : ניין, כ'קען
ניט דערצעהלען... איך קען ניט... איך קען ניט דערצעהלען...
איך קען ניט... איך בעט דיך, פייערמאן, לאָז מיך איצט אָב...
אַן אנדערס מאָל...

פ י י ע ר מ א ן (הערכסט אויפגעבראכט באַפּט זי פאר די
הענד) : ניין, מערי, איך לאָז דיך ניט אָב, מוזט מיר איצט אַלץ
דערצעהלען, אַלץ, פון אלף ביז תיו... ווי אזוי איז עס צוגעגאַנגען
און ווער איז ער געוועזן, און וואו איז ער איצט... אַלץ, אַלץ...

מ ע ר י (וויינענדיג) : וועסט שוין צופיעל ליידען...

פ י י ע ר מ א ן (בעפעהלענדיג) : ניט דיין עסק ! פער־
גינסט שוין מיר ניט דאָס ביסעל גליק, אז איך וועל ליידען?
אזוי ווייט האלט עס שוין !...

מ ע ר י (צארט) : ניין, מיין ליעבער — אזוי ווייט
האלט עס ניט ! אויב דאָס ליידען איז פאר דיר ווירקליך א מוז,
וואָלט איך אודאי געוואָלט דו זאָלסט ליידען, מיר פערדריסט
אָבער, פארוואָס זאָלסטו דוקא דורך מיר דיין ערשטע שווערע
איבערלעבעניש בעקומען... אך, מיין גאָט... (זי זיפצט פער־
צווייפעלט).

פ י י ע ר מ א ן (צושטעהענדיג צו איהר) : נו, מערי,
דאָס זאָל דיר גאָר ניט אַארען, פערקעהרט, דו דארפסט זיך פון
איין זייט גליקליך פיהלען, וואָס א דאנק דיר וועט מיין שאפען
נעהמען אן אנדער ווענדונג.

מ ע ר י (אויפלויכטענד) : אויב דיר איז ניחא.. אַל־
זאָ איך וועל דיר אַלעס דערצעהלען.

פ י י ע ר מ א ן (שטארק געשפאנט) : גיכער.. ווי אזוי איז
עס פארגעקומען.

מ ע ר י (עטוואָס שעמעוודיג, אָבער דרייסט): דו ביזט דאַמאָלס אוועקגעפאָהרען, קענגען איבער, געדענקסט דאָך, האָט געוואָהנט א יונגער מאַן...

פ י י ע ר מ אַ ן (גלעטענדיג דעם שטערען): אָט דער ברונעט פון קרים, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי א גרוזין.

מ ע ר י (שמייכעלט פערשולדיגט): יא, אָט דער יונגער־מאַן... אָנפאַנגס האָט ער מיר בלויז פריינדליך בעגריסט, נאָכדעם האָט ער געבעטען ערלויבעניש מיך צו בעגלייטען ביז׳ן וועלדעל אויף מיין שפּאַציער. דאָס דריטע מאָל האָט מיך שוין אליין צו איהם געצויגען און ווען ער האָט מיך איין מאָל איינגעלאַדען צו זיך אין שטיבעל א גלעזעל קרימער ווייז טרינקען, האָב איך ניט געקענט ביישטעהן און בין אריין צו איהם... אַך, מיין גאָט, עס איז געווען א שטאַרקער מאָמענט.

פ י י ע ר מ אַ ן (אין גאַנצען פערכאַפּט פון דעם ראָמאַן): אין וואָס איז דער מאָמענט איינגענטליך בעשטאַנען... דערצעהל דאָך...

מ ע ר י (פרעך שמייכלענדיג): איז עס דיר ניט בעקאַנט... האָסטו דען מיך אויך אָנפאַנגס אזוי ניט פערלאַקט, זוען אפילו ביי אנדערע אומשטענדען! ? אָבער דעם אמת געזאָגט, ביי דעם „קרימער ברוינעט“ איז עס נאָך פאַנטאַסטישער און מעהר בעצויבערענד געוועזן... אַך, זיין ערשטער קוש! דעם וועל איך ניט פערגעסען כל זמן איך וועל לעבען. ניין, פייערמאַן, דו האָסט נאָך קיין מאָל מיך אזוי שעהן און ליידענשאַפטליך ניט געקושט... זיין קוש איז אזוי ווי א פייער אין מיינע ביינער אריין און האָט מיך פאַרברענט...

פ י י ע ר מ אַ ן (מיט שטראַהלענדע אויגען): אַה, עס איז אזוי הערליך!..

מ ע ר י (גאַנץ ערשטוינט): וואָס איז הערליך ?

פ י י ע ר מ אַ ן (מיט בעגייסטערטע געזיכט): אָט די

גאנצע געשיכטע און ווי אזוי דו גיבסט עס איצט איבער — ס'איז ווירקליך א זעלטענע פּאָעמע...

מ ע ר י (בייז) : נו, און וואָס איז פון דיין ליידען?...

פ י י ע ר מ א ן (ווי דערמאָנענדיג זיך אן עפּעס) : אה, בנאמנות, איך האָב גאָר פערגעסע.ן.. די געשיכטע איז אזוי שעהן, אז איך האָב גאָר פערגעסען, אז דאָס אלץ האָט מיט דיר, מיין געליעבטער, פּאסירט.

מ ע ר י (אויסשטעלענדיג די אויגען) : נו, ליידסטו דערפון גאָר ניט?

פ י י ע ר מ א ן (פערוואונדערט) : יא, ביזט גערעכט, איך וויים אויך ניט... מיר דאכט, אז איך לייד גאָר ניט.. איך פערשטעה עס גאָר ניט... די גאנצע געשיכטע איז צו שעהן...

מ ע ר י (בייז) : ביזט אן אידיאָט! די גאנצע געשיכטע איז א ליגען, דאָס האָב איך בלויז אויסגעטראכט צוליעב דיין גליק...

פ י י ע ר מ א ן (שטאַרק ענטוישט) : אה, ס'איז א ליע־גען.. אח, אזא שעהנע געשיכטע! א שאָד!... ביזט א שלעכ־טע!... עס פערדריסט מיר באמת, עס טהוט מיר ווירקליך לייד...

מ ע ר י (וויינט) : איצט זעה איך, אז דו האָסט מיך גאָר ניט ליעב... איצט לייד א י ך...

פ י י ע ר מ א ן (קושט זי) : נארעלע, איך האָב דיר זעהר, זעהר ליעב, אָבער די קונסט האָב איך דאָך ליעבער... פערשטעהסט? — די קונסט. איך וואָלט פאר איהר באמת גע־וואָלט ליידען.

מ ע ר י (נאָך אלץ בייז) : וועסט נאָך ליידען, וואַרט!

פ י י ע ר מ א ן (פרום) : הלואי!

מ ע ר י (געהט אָב פון כעס, צולאכט זיך).

(פאָרהאנג).

פ ע ר ז א נ ע ן :

ר אָ ז ע א ו ן ל י ז א , צוויי מיידלאך — חבר'טעס.

ב ע ר מ א ן. אַ יונגערמאן פון עטלאכע און צוואנציג.

(אין ראָזע׳ס צימער, ריין אויפגערוימט. אַ קליינע שמאָלע בעט ביי דער וואנט. איבער׳ן בעט הענגען בילדער און אַ קליינער פּאָרטרעט. ראָזע און ליזע זיצען ביים קליין טישעל. לאנגע פּאוזין).

ל י ז א (אויפשטעלענדיג זיך): ראָזע... איז דאָס טאקע אַן אמת, אז... (האקט זיך אָב).

ר אָ ז ע (קוקט זי אָן): וואָס?...

ל י ז ע (צוגעהענדיג צו דער וואנט און אָנקוקענדיג דאָס פּאָרטרעטעל): אז ער האָט שוין אַן אנדער מיידעל...

ר אָ ז ע: מען זאָגט... (שמייכעלט).

ל י ז ע: נו, וואָס גערסטו פאַרנעהמען?

ר אָ ז ע (דריקט מיט די פּלייצעס): פאַרנעהמען?! מיין גאָט! צו אזא שטופּע בין איך נאָך גאָט צו דאנקען ניט דערגאַנגען — שלעפּען אין געריכט וועל איך איהם ניט. קיין טויזענד דאָלאר פאר יעדען קוש, וואָס ער האָט מיר געגעבען וועל איך ביי איהם ניט פאָדערען.

ל י ז ע (לאכט): טויזענד דאָלאר פאר יעדען קוש!... עס וואָלט אזוי פיעל געלט אויף דער וועלט ניט געווען. איך דענק, אז ווען דו מאָהנסט ביי איהם אַ ניקעל פאר אַ קוש וואָלסטו אויך געוואָרען אַ גביר׳טע...

ר אַ ז ע (אַביסעל פערשעמט): ניט אזוי ווי דו מיינסט... אָבער וואָס געווען איז געווען... איצט איז אַלעס אויס...

ל י ז ע: ארט עס דיך גאָר ניט?...

ר אַ ז ע (נאָכדענקענדיג): פאר דיר וועל איך זאָגען דעם אמת... עס טהוט אזוי וועה, שוועסטער...

(קעהרט זיך אום מיט'ן פנים צום וואנט).

ל י ז ע (געריהרט): האָסטו שוין גערעדט מיט איהם?

ר אַ ז ע: יא... אָבער ניט וועגען דעם... איך שפיעל דאך די ראָלע, אזוי ווי מיר וואָלט די גאנצע זאך ניט אָנגעגאנגען... ער איז גאנץ איבערראשט.

ל י ז ע (פאָרשענדיג): זעהסטו זיך נאָך אמאָל מיט איהם?

ר אַ ז ע: יא... ער דארף דאָ באלד אויך זיין... אבער שוין דאָס לעצטע מאָל...

ל י ז ע: צו וואָס?

ר אַ ז ע: (שמייכלענדיג): זעגענען זיך.. ער וויל זיך צוגעהן, ווי פריינד.

ל י ז ע (פערוואונדערט): דאָס איז קאָמיש... מיין מיי־נונג איז, אז קוים פערלאָזט ער מיך, וואָלט איך איהם אפילו ניט וועלען בעגעגנען...

ראָזע (מיט וועהטאָג): עס איז גרינגג צו זאָגען...

ל י ז ע: געווים איז עס ניט אזוי לייכט... איבריגענס וועל איך דיך לאָזען אליין. איך וויל זיך מיט איהם ניט טרעפען... איך קען איהם אין פנים ניט קוקען...

ר אַ ז ע: וואָס ביזטו אויף איהם אזוי בייז?...

ל י ז ע: איך ווייס... א מאן, וואָס ליעבט ניט טריי זיין געליעבטער האָב איך פיינט...

ר אַ ז ע (פערטיעפט): פיינט?... נאָך אלע זאכען איז דאָך דאָס א געפיהל זאך... אבער אויב דו ווילסט געהן וועל איך

דיך ניט אָבהאַלטען... עס איז טאַקע בעסער... די צושיידונג וועט וואהרשיינליך פּאַרקומען זעהר טראַגיש (לאַכט מיט גאַל).

**ל י ז ע :** נו, טאַ זיי מיר געזונט... האַלט זיך מוטיג.

**ר אַ ז ע** (ווי בעליידיגט) **:** דאַס לאַז שוין איבער צו מיר.

(ליזע אָב).

**ר אַ ז ע** (אליין) **:** אַך, ווי דאַס האַרץ קלעמט! גאָט גיב מיר כח! (עס הערט זיך אַ קלאַפּען אין טהיר) דאַס איז ער!... (כאַפּט זיך פאַר'ן ברוסט, געהט עפענען).

**ב ע ר מ אַ ן** (אריינגעהענדיג, בלייבט שטעהן פערוווירט).

**ר אַ ז ע** (בעהערשענדיג זיך) **:** זעצט זיך, מיסטער בערמאַן.

**ב ע ר מ אַ ן** (מאַכט איהר נאָך) **:** „מיסטער" בערמאַן!... ווי לאַנג בין איך אַ מיסטער געוואָרען?

**ר אַ ז ע :** דאַס ווייסט איהר בעסער...

**ב ע ר מ אַ ן** (בעטראַכטענדיג זי) **:** מיסטער... איהר?!... אַך, מיין גאָט!... ווי אַלץ לאַזט זיך אויס אַזוי!

**ר אַ ז ע :** איהר האָט נאָך טענות?...

**ב ע ר מ אַ ן** (לאָזט אַראָב דעם קאָפּ) **:** געוויס... אָבער דאָך די פריינדשאַפט קען מען דאָך נאָך אָנהאַלטען....

**ר אַ ז ע :** פריינדשאַפט? יאַ... איך ווינש אייך ניט קיין שלעכטס...

**ב ע ר מ אַ ן** (בעלייכטען) **:** מיינט איהר עס אמת? מיין ליעבע ראָזע!

**ר אַ ז ע** (שטרענג) **:** אָהן צערטליכקייטען! איך ליעב עס ניט...

**ב ע ר מ אַ ן** (פערחדוש'ט) **:** ראָזע! איהר ליעבט ניט קיין צערטליכקייטען?!

**ר אַ ז ע** (נאָך שטרענגער) **:** אַלענפאַלס ניט איצט און ניט פון אייך...

ב ע ר מ א ן (קוקט זי אָן אַ בעליידיגטער): יא... אפשר ביזטו גערעכט... פּארדאָן — אפשר זיינט איהר גערעכט... איך קען מיך אלץ ניט אבגעוועהנען פון דעם „דו"...

ר אָ ז ע (סארקאסטיש): אזוי געפעלט ער אייך, דער ליעבער „דו"?...

ב ע ר מ א ן (ענטציקט): יא... לאָמיר זיין ווידער אויף דו...

ר אָ ז ע (שמייכעלט זיעגעריש): און יענע מיידעל?... ווי אזוי וועט איהר זיין מיט יענער מיידעל?...

ב ע ר מ א ן: ראָזע, פּייניג מיך ניט!

ר אָ ז ע: איך פּייניג אייך? אויב אזוי, געהט אוועק...

ב ע ר מ א ן: אוועקגעהן אין אזא שטימונג? ניין, דאָס איז מיר אונמעגליך... אָלרייט, איך געה... אבער מיר מוזען זיך שיידען ווי פריינד...

ר אָ ז ע (האַלטענדיג זיך שטאָלץ): געוויס...

ב ע ר מ א ן (בעטענדיג): גיט מיר אייער האנט...

ר אָ ז ע (ציהט איהם אויס די האַנט)...

ב ע ר מ א ן: מעג איך א קוש טהאָן?...

ר אָ ז ע (מיט ווירדע ווי אַ קעניגין): אין האנט—יא...

ב ע ר מ א ן: ערלויבט מיר אויך אין די ליפּען...

ר אָ ז ע (ווי בעליידיגט): אין די ליפּען! דאָס איז שוין פון אייער זייט א ביסעל פרעך...

ב ע ר מ א ן: פּרעך?! וואָס רעדט איהר?...

ר אָ ז ע (בייז): צוזאָגאר צו פרעך (זי נעהמט צו צו־ריק די האַנט) ניין, איך ערלויבט אייך אפילו אין האנט אויך ניט... איבריגענס, עס איז שוין שפּעט... איך האָב נאָך וואו צו געהן...

ב ע ר מ א ן (אַ צוטומעלטער): ראָזע... איך בעט דיך, איך קען פון דיר אזוי נישט אוועקגעהן... זאָנדערבאר... דער

געדאנק, אז די, וואָס איז מיר אזוי נאָהענט געווען, זאָל פּלוצים מיר ווערען אזוי פרעמד, מאכט מיך משוגע... עס איז דאָך אונ־בעגרייפליך!... די, וואָס איך האָב אין מיינע אָרימס געהאַלטען, זאָל איך פּלוצים נישט טאָרען אָנריהרען און אזוי אויף אייביג פערלירען... דאָס איז אַ גרוזאמע שטראָף... (נאָכדענקענדיג) אויב אזוי... (קען עס ניט ארויסזאָגען).

ר אָ ז ע : אויב אזוי — איז וואָס?

ב ע ר מ אַ ן (קומענדיג צו זיך): אויב אזוי, ביזטו מיינע ווידער... איך וויים ניט פון קיין אנדערע... ראָזע, מיין טייערע... איך קען נישט אוועקגעהן פון דיר אָהן אַ קוש!... דו און נאָר דו ביזט מיינע...

ר אָ ז ע (ווי אַ זיעגערין) : וואָס־זשע וועט איצט יענע זאָגען?...

ב ע ר מ אַ נ ע ן : אָ, דאָס איז געווען אַ מיספערשטענד־ניס, אַ טעות. ליעב האָב איך בלויז דיך.

ר אָ ז ע (ציהט צו איהם אויס די האַנט): איצט מעגסטו...

ב ע ר מ אַ ן : און אין די ליפּען?...

ר אָ ז ע (קלערט מיט אַ שעלמישער מינע) : אין די ליפּען? אין די ליפּען?... נא, זאָל זיין אין די ליפּען אויך! אָבער מיט אַ בעדינג... מוזט מיר זאָגען, ווער איז יענע...

ב ע ר מ אַ ן (ווי פערשעהמט) : אך, פרעג ניט... צו וואָס זאָלסטו פערלירען אַ חבר'טע...

ר אָ ז ע (איבערראשט) : איז עס ליזע?

ב ע ר מ אַ ן (לאָזט אַראָב דעם קאָפּ) : יאָ...

ר אָ ז ע (לאכענדיג) : אויב אזוי, ביזטו ווערט אַ קוש...
(פאַלען אריין איינע די אַנדערע אין די אָרעמס...)

(פאָרהאַנג שנעל).

## פערזאָנען:

**פּייערמאַן**, אַ שריפטשטעלער, אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג.

**ביילא**, זיין פרוי; אין זעלבען עלטער, זעהט אָבער אויס פער׳חשך׳ט און געעלטערט פאר דער צייט.

**דער לענדלאָרד**, אַ איד פון עטליכע און פירציג יאָהר.

### די סצענע קומט פאָר אין ניו־יאָרק.

פ י י ע ר מ אַ ן (קומט אַריין פון גאַס אין קיך, דאָס ווייב שטעהט מיט אַ פערקאשערטע קלייד, האַלט אין מיטען וואַשען דעם פלאָר) : חאַ־חאַ־חאַ (לאכט נאָכאַנאַנד).

ב י י ל אַ (קוקט איהם אָן ערשטוינט) : וואָס איז מיט דיר די שמחה ?

פ י י ע ר מ אַ ן : קענסט עס נישט פערשטעהן ? איך קען דיר נאָר זאָגען איין וואָרט: פרנסה...

ב י י ל ע (דערשראָקען) : פרנסה ? פון לאכען וועסטו האָבען פרנסה...

פ י י ע ר מ אַ ן (מיט געבעט) : איך בעט דיך ביילא, פון היינט אָן מוזטו מיט מיר לעבען גוט, ווענינגסטענס ווען איך וועל דארפען שרייבען. (דערמאָנט זיך עפּעס און צולאכט זיך ווידער).

ב י י ל אַ (קוקט איהם אָן) : וואָס איז מיט דיר, זעהסט דאָך אויס ווי א חוזק...

פ י י ע ר מ אַ ן : ווי א חוזק... חוזק איז איצט מיין פרנסה.

ב י י ל אַ (פערוואונדערט) : חוזק דיין פרנסה... ביזט ווירקליך משוגע געוואָרען.

פ י י ע ר מ אַ ן (ערנסטער) : משוגע געוואָרען בין איך ניט, מיין עובדא איז אבער איצט, צו מאכען זיך משוגע, (דער־מאָנט זיך אין עפּעס) חאַ־חאַ־חאַ : ווי מיינסטו, איך וועל קע־נען?... (פערטראכט) איך דארף בלויז אריין אין דער שטימונג... דו זאָלסט מיר אבער נישט קאליע מאכען מיט דיינע תחינות...

ב י י ל א : מיט וועלכע תחינות ?

פ י י ע ר מ א ן : איך רעד עס וויציג, איך מיין מיט דיינע טרויריגע שמועסן וועגן געלד און נאָך זאכען... פאַר מיר איז דאָס איצט סם.

ב י י ל א : דער לענדלאָרד איז שוין דאָ צוויי מאָל גע־וועזן, ער...

פ י י ע ר מ א ן (האַקט איהר דערשראָקען איבער) : דער־צעהל מיר ניט קיין מעשות איצט... איך בעט דיר רחמים, איך טאָר עס ניט וויסען...

ב י י ל א : (בייז) וואָס זאָגט מען צו איהם? ער וויל שוין גאָר פון לענדלאָרד ניט וויסען... ער וועט דיר ארויסשטעלען אויפ'ן גאַס...

פ י י ע ר מ א ן (פערשטאָפּט זיך די אויערן) : גזלן'טע, הרג'עסט מיר אוועק!... איך טאָר היינט אזוינס ניט הערען, ווען ניט בין איך קאַפּוט מיט מיין נייעם דזשאָב...

ב י י ל א : וואָס פאַר א נייעם דזשאָב? האָסט דאָך אין פּייפּער א דזשאָב ביי דעם פּנקס פון די מתים, האָט מען דען איהם דיר שוין אויסגעכאַפּט — דיינע קאָלעגען!...

פ י י ע ר מ א ן : הערסטו דאָך, אָט דאָס איז דאָך דאָס אונגליק... איך האָב ביז אהער געהאַט מיין אַבטיילונג, דעם פּנקס פון די מתים, די מודעות שרייבען וועגען די בית־עולם'ס, דאָס איז געווען אנגעמאָסטען פאַר מיר, אין דעם אבטהיילונג האָב איך מיך געפיהלט ווי א פיש אין וואַסער... מיינס א מודעה'לע וועגען א שטיקעל קרקע אויף א קבר איז געווען אַן אמת שטיקעל שעקספּיער... דעם טויט פערשטעה איך דורך און דורך... אז איך בין געווען א אינגעל, אין מיין שטעדטעל, פלעג איך גאַנצע טעג אבליגען אויפ'ן בית־עולם... איז דאָך אָבער אמעריקא... מען כאַפּט אוים דעם ביסען פון מויל...

ב י י ל א (דערשראָקען) : ווער האָט דיר דעם פּנקס פון די טויטע אויסגעכאַפּט?

פ י י ע ר מ א ן: ווער פרעגסטו, טאקי דער רעווערענד פון דער רעדאקציע... דאכט זיך א טייערער איד, פסקנ'ט שאלות אלע ווייבער, נעהמט זיך צו מתיר מאכען די עגונות חתונה צו האבען און האט ברויט בשפע, האט זיך איהם פערוואלט מיינע מתים...

ב י י ל א: אט דאס רעווערענדיל... איך וואלט איהם די ציינגענע בערדעל אויסרייסען...

פ י י ע ר מ א ן (ווייבער): ער איז אין גאנצען נישט שולדיג, אביסעל האט דער „מענעדזשער" זיך געסטארעט פאר איהם, דער מענעדזשער איז א גרויסער קלעריקאל, טענה'ט ער: אז ביי דעם מתים פנקס פאסט זיך בעסער א רעווערענד.

ב י י ל א: וואס איז, און דו ביזט דען אן אפיקורס חלילה?

פ י י ע ר מ א ן: נארישקייט, אן אפיקורס? זיי ווייסען, אז איך האב מיין פליכט צו די מתים ערפילט עהרליך... נאר געה טענה מיט זיי, בפרט, אז זיי האבען מיר געגעבען אן אנדער אבטהיילונג אין דער צייטונג...

ב י י ל א: וועלכע?

פ י י ע ר מ א ן (דערמאנענדיג זיך, סטארעט זיך צו זיין פרעהליך): די קיצעלדיגע וועלט... אביסעל משמח זיין דעם לע־זער.

ב י י ל א: וועסטו דאס קענען?

פ י י ע ר מ א ן (פערטראכט זיך): כ'מיין, וואס איז שייך קענען... מיט די מתים איז לייכטער, אבער אז מען מוז... אט דאס בעט איך דיך דאך טאקע — דערצעהל מיר ניט קיין טרויריגע זאכען: דאס קען מיך אוועק'הרג'ענען. איך דארף אויף מארגען אוועקשטעלען א פאר פרעהליכע שטיקלעך... גאט וויים...

ב י י ל א (בייז): א, דו מרה שחורה'ניק איינער, ער נעהמט זיך אן צו קיצלען דעם עולם! ביזט דאך א טויטער

מענש... און וואָס איז מכח דיין מאָגען... געווען ביים דאָקטאר היינט?

פ י י ע ר מ א ן (דערשראָקען): דערמאָן מיר ניט מיין מאָגען, איך בעט דיך, איך טאָר עס ניט וויסען...

ב י י ל א (נאָך מעהר בייז): ער טאָר עס ניט וויסען!... ביזט דאָך שוין א סקעלעט...

פ י י ע ר מ א ן (ווארפט מיט די הענד): גזלן'טע, הער אויף!... קוילעסט מיך... איך דאַרף היינט אזוינע זאכען ניט הערען... לאָז מיר עפּעס אנשרייבען א פרעהליך שטיקעל...

ב י י ל א (פער'יאוש'ט): א פרעהליך שטיקעלע... גע־פעלט אייך מיין בעל־שמחה... דער לענדלאָרד דאַרף באלד קו־מען, און ער וויל פרעהליך זיין...

פ י י ע ר מ א ן (ווארפט זיך בייז צו ביילא'ן): הערסט ניט אויף?... ווידער דער לענדלאָרד...

ב י י ל א (הענכסט אויפגערעגט): אויב דער לענדלאָרד איז דיר ווייניג, קומט באלד דער גראָסערי־מאַן אויך...

פ י י ע ר מ א ן (פערצווייפעלט): דו לאָז מיך אָב היינט מיט דיינע טרויעריגע ידיעות, וואָרים מיר וועלען בלייבען אָהן ברויט... איך מוז מאָרגען ברענגען א וויציגע זאכעלע... דאָס ערשטע מאָל, פערשטעהסט?...

ב י י ל א (וויל עפּעס ענטפערען, נאָר עס עפענט זיך די טיהר און עס געהט אריין דער לענדלאָרד).

ל ע נ ד ל אָ ר ד: נו, וואָס וועט זיין, היינט איז שוין דער צעהנטער, איהר צאָהלט זעהר ניט פּינקטליך... איך וועל מור־גען אָננעהמען מיטלען...

פ י י ע ר מ א ן (מיט גרויס בקשה אין טאָן סטאַרעט זיך צו שמייכלען): איך בעט אייך היינטיגעס מאָל ניט אבעסען מיר דאָס הארץ, עס נעהט מיר אין לעבען... איהר פערשטעהט.

ל ע נ ד ל אָ ר ד (פערוואונדערט): וואָס הייסט, ניט

אַבעסען אייך דאָס האַרץ?... וואָס זייט איהר ביי מיר, א בן יחיד? צו וואָס? וואָס מאַכט איהר זיך נאַריש?...

פ י י ע ר מ אַ ן (וויל איהם געבען צו פערשטעהן): פערשטעהט איהר מיך מיסטער... איך האָב פערשטעהט איהר מיך אַזאַ שטעלע געקראָגען, וואָס איך טאָר נישט האָבען קיין עגמת נפש... דאָס איז אַזאַ מין אבטהיילונג אין מיין צייטונג... ס'איז אַ פרעהליכע אבטהיילונג, פערשטעהט איהר מיך, זעהר א פרעהליכע אבטהיילונג...

ל ע נ ד ל אָ ר ד (מיט אויסגעשטעלטע אויגען): הייסט עס, אז איך זאָל אייך נישט מאָהנען... און געבען אייך פרייע וואָהנונג...

פ י י ע ר מ אַ ן: ניין, ניט דאָס... פערשטעהט איהר מיך, ביז אהער האָב איך געהאַט מיין אבטהיילונג וועגען די מתים, סעמעטעריע און דאָס גלייכען... דאַמאָלס וואָלט מיך אפילו נישט געאַרט, איהר זאָלט מיך ארו'סשטעלען אויפ'ן גאַס, איצט אָבער, פערשטעהט איהר מיך, האָט די מתים דער רעוורענד אין די רעדאַקציע איבערגענומען און מיר האָט ער איבערגעגעבען די קיצעלדיגע וועלט, ס'איז אַאַז מין אבטהיילונג צום לאַכען... א צייטונג דאַרף האָבען אַלץ, אומעטיגעס און פרעהליכעס, ווי א טהעאַטער למשל... נו, האָט מען מיר אַנשטאָדט די מתים מפצה געווען מיט דער פרעהליכער אבטהיילונג... היינט פערשטעהט איהר מיך, מוז איך אָנשרייבען די ערשטע פרעהליכע זאַך... נאַטירליך, דאַרף עס זיין געראָטען, ס'הייסט וויציג, פול מיט הומאָר... נו, אז איהר וועט מיך „באַדערען" מיט דירה געלד, וועל איך דען קענען?

ל ע נ ד ל אָ ר ד: דאָס זיינען תרוצים, איך וויל פון אַזוינע זאַכען ניט וויסען, פון מיינעט וועגען מעגט איהר בעגראָבען מתים, פון מיינעט וועגען מעגט איהר קיצלען אייערע לעזער — איך וויל דירה־געלד, מאָרגען פריה וועט איהר מיר מוזען געבען... (לענדלאָרד בייז אָב).

פ י י ע ר מ א ן: נו, ווי עס איז פּטור געוואָרען... דער גראָסערי־מאַן זאָל כאָטש היינט נישט קומען..

ב י י ל א: און אז ער וועט מאָרגען קומען, איז שוין גוט?

פ י י ע ר מ א ן (מיט געבעט): דו אויך...

ב י י ל א יא, איך אויך...

פ י י ע ר מ א ן: גזלן׳טע, לאָז מיר שרייבען א פּרעהליכע זאך אויף מאָרגען...

ב י י ל א (בעטראַכט זיך און געהט אַוועק פון איהם עפּעס מורמלענדיג, אַ לאַנגע פּויזע).

פ י י ע ר מ א ן (אויפ׳ן קול): מיר איז גוט! מיר איז גוט!... אלץ איז א ליגען: דער לענדלאָרד מיט׳ן גראָסערי מאַן, דער מאָגען מיינער קאָכט אויסגעצייכענט... עס וועט זיין מאָרגען א פּרעהליכע זאך.. (זעצט זיך שרייבט, שרייבט אַן עטליכע ציילען און לאַכט צו ביילע׳ן) הערסטו ביילע, עס געהט! נישט ערגער פון די מתים... דער עולם וועט צופּלאצט ווערען פאר געלעכטער...

## פערזאָנען:

יאָזעף, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר דרייסיג.

אידאַ, זיין פרוי, אַ יאָהר זעקס־און־צוואנציג.

ביילע, אידאַס אַ שוועסטער, פינף־און־דרייסיג יאָהר אַלט.

| | |
|---|---|
| אייב, אַ אינגעל פון ניין יאָהר.<br>בעני, אַ אינגעל פון אַכט יאָהר.<br>בעסי, אַ מיידעלע פון זיבען יאָהר.<br>אַ קינד, אויף דער ברוסט. | אַלע ביילעס קינדער. |

די סצענע קומט פֿאָר אין ניו־יאָרק, אין דאַון־טאַון.
אַ זונטאַגדיגער פֿריהלינג־טאָג, נאָכמיטאָג. אידא זיצט אין
אָרים־מעבלירטען פֿראָנט־צימער און האַלט אַ בריעף אין
האַנד. די אויגען איהרע קוקען אָבער אין דער זייט, ווי
זי וואָלט געווען שטאַרק פֿערטראַכט.
עס געהט אַריין יאָזעף פֿון צווייטען צימער.

יאָזעף: נו, אידא... וואָס טראַכסטו? ווילסט אפשר אויסטראַכטען אַ מיטעל, ווי אַזוי רייך צו ווערען?

אידא (טרויעריג): אויף דעם האָף איך שוין נישט. איבעריגענס, יאָזעף, יאָג איך מיך גאָר נישט אַזוי שטאַרק נאָך רייכקייט.

יאָזעף: רייכקייט... עס רעדט זיך נאָר אַזוי... מיי־נען מיין איך, איך זאָל זיך ארויפּאַרבייטען כאָטש אויף פֿינף־און־צוואַנציג דאָלאַר די וואָך, דו זאָלסט נישט דאַרפֿען געהן ארבייטען... מיין טייער טייבעלע! (נעהמט זי צערטליך אַרום).

אידא (שוואַך אָבשטויסענדיג איהם): לאָז מיך אָב, איך בעט דיך.

יאָזעף: דו ביסט בייז, אידאַ?

אידא (פֿריינדליכער): ניין, איך בין נישט בייז... איך האָב געלייענט דעם בריעף פֿון דער מאַמען, וואָס איך האָב נעכטען פֿאַרנאַכט בעקומען פֿון יוראָפּ.

יאָזעף: וואָס שרייבט זי? זי וויל אודאי עטליכע דאָלאַר... ממה נפשך, וועלען מיר אַברייסען פֿון אונזערע ווייַ־דזשעס און שיקען איהר.

אידא: זי בעט נישט און דאַרף נישט קיין געלד...

יאָזעף: וואָס דען?

אידאַ (ווי פערשעמט): זי פאָדערט גאָר עפּעס אַנ־דערש.

יאָזעף: וואָס, צום ביישפּיעל?...

אידאַ (שוואַך): ווייס איך וואָס... (דרייסטער) און אפשר איז זי טאַקע גערעכט?

יאָזעף: ווייז אהער דעם בריעף.

אידאַ: עס איז רעכט, אז דו וועסט נישט לייענען מיין מאַמעס חכמות... אַ אידענע פון דער אַלטער וועלט... זי ווייס נישט פון היינטיגע המצאות...

יאָזעף (נייגיריג): וואָס, למשל, שרייבט זי?

אידאַ (מיט אַ טרויעריגען שמייכעל): זי הייסט מיר דאָקטאָרען זיך.

יאָזעף: וואָס איז דען? האָסט איהר געשריעבען, אז דו ביזט קראַנק?

אידאַ (בייז): ביסט אַ נאַר.

יאָזעף: פּלוצלונג אַ נאַר געוואָרען... דאָס שטעהט אויך אין דיין מאַמעס בריעף?

אידאַ: ניין, דאָס זאָג איך אליין...

יאָזעף: פאַרוואָס בין איך אַ נאַר?

אידאַ (ערנסט): ביסט אַ טרום.

יאָזעף: שוין אַ טרום אויך?

אידאַ (פעסט): יאָ... איך אויך. מיר זיינען נאַרען און טרומען... מיר, די היינטיגע, די כלומרשט ענטוויקעלטע, בעוואוסטזיניגע... די מאַמע אָבער ווייס פון קיין חכמות נישט... זי מאָהנט אן אייניקעל...

יאָזעף (ווי ערוואַכענד): אהאָ! אַ קינד! (געהט אַרום הין און צוריק איבער'ן צימער).

אידאַ: יאָ, אַ קינד... זי הייסט מיר געהן צו אַ דאָק־טאָר... קורירען זיך... (סאַרקאַסטיש) די קליינשטעדטעלדיגע אי־

דענע ווײס נישט, אַז איך בין שוין געווען בײַ אַ דאָקטאָר אַ פּאָר מאָל, ווי אַזוי קײן קינדער נ י ש ט צו האָבן...

י אָ ז ע ף : אָט וועל איך זיך אפשר אײנגיכן אָרויפאַר־בײַטן אויף העכערע ווײַדזשעס.... דו וועסט נישט דאַרפן גע־הען אַרבײַטן, פאַרשטעהסט, מײַן טײַערע? (געהט צו צו איהר און קושט זי מיט גרויס ליעבשאַפט).

א י ד אַ (ווערט געריהרט) : אָט דאָס זאָג איך דאָך, אַז מיר זײַנען טרוסן. און מיט קלענערע ווײַדזשעס קען מען זיך נישט ערלויבן קינדער צו האָבן?... (זי צעווײנט זיך). יאָזעף, עס איז מיר זעהר אומעטיג. איך בענק אַזוי נאָך אַ קינד... אפט־מאָל פאַרנאַכט, אַז עס ווערט פינסטערליך אין האָל, איך געה דורך און זעה אַ וועלכעס קינד אויף די טרעפּ זיצן, מעג עס זײַן אַן אָרימס, אַ שמוציגעס, חאַפּ איך עס און קוש עס אויס די גליעדער. קומט די מוטער פון קינד, דאַן אַנטלויף איך פון קינד כבושת גנב... איך בין דאָך עפּעס אַ הײנטיגע, האַלט נישט פון קינדער...

י אָ ז ע ף (זיפצט).

א י ד אָ (היציגער) : און וואָס איז דאָס אומגליק, אַז מען נעהמט ווענינגער ווײַדזשעס?... אָט, מײַן שוועסטער דאָ, זי איז אַ פּראָסט ווײַבעל, איהר מאַן פערדינט, דאַכט זיך, ווײני־גער ווי דו, און דאָך...

י אָ ז ע ף (איראָניש) : ביזט איהר מקנא?

א י ד אָ : אפשר יאָ... (פּויזע). איך האָב איהר געשריע־בען, זי זאָל קומען אהער. עס קען זײַן, זי זאָל טאָקע באַלד קו־מען... זי האָט אפילו געבעך קײן צײַט נישט. שטענדיג מיט די קינדער האָט זי צו טאָן... אפשר וועט זי קומען...

י אָ ז ע ף (איראָניש) : אַ גרויס גליק. „אָנגעפּלאָדיעט“ אַזוי פיעל קינדער, לעבען אַלע אין שמוץ, אין דחקות... נײן, זאָג דיר, וואָס דו ווילסט... מיר געפעלט עס נישט...

(עס הערט זיך אַ קלאַפּען אין טיר).

א י ד א : יאָזעף, געה עפען, עמיצער געהט.

(יאָזעף געהט אויפמאַכען די טיר. עס שטעען זיך אַריין אין צימער אייב, בעני, בעסי, נאָכדעם ביילע מיט אַ קינד אויף ד הענד).

א י ד א (דערפרעהט) : אַ, ביילע! גוט, וואָס דו ביזט געקומען... וואָס מאכסטו? (זי צוקושען זיך) און דאָס איז דיין קליינינקע... (וויל דאָס קינד נעהמען צו זיך, דאָס קינד צעוויינט זיך).

ב י י ל ע : וואָס רעדסטו... זי וועט דען געהן צו אַ פרעמדען?... אַט נאָר אויף די הענד און אויף די הענד.

א י ד א (פערזאָרגט) : האָסט פון זיי גענוג, נעבעך...

ב י י ל ע : קיין בייז נישט... זיי האָדעווען זיך אויס... אַט אייב איז שוין אַ פערדינער (לאכט).

(אידא און יאָזעף ווענדען זיך צו אייב'ן. יענער פערשעמט זיך)

א י ד א : אזוי, אייב, דו פערדיענסט שוין געלד... וואָס טהוסטו דען?

א י י ב (מיט גרויס גדלות) : איך פערקויף שבת נאָכ'ן סקוהל „הענקיטשיפס“ און פייפּערס.

ב י י ל ע (שמייכעלט מוטערליך) : אז אַך און וועה צו זיין פּרנסה! פונדעסטוועגען פערדיענט ער אַ האַלבען דאָלאר...

י אָ ז ע ף : אַ, איז ער דאָך טאַקי אַ לייט. וואָס טהוט ער מיט'ן געלד? מוז אודאי אויסספּענדען אויף קענדי?

ב י י ל ע : דאָס דוקא נישט... ער גיט אוועק ביז אַ גראַ־שען... עס קומט צוניץ... און בעני, מיינט איהר, פערדיענט שוין אייך אַ קוואָדער אַ וואָך (לאכט).

א י ד א (לאכט לוסטיג) : אַ גאַנצען קוואָדער...

י אָ ז ע ף : וואָס טהוט ער?

ב י י ל ע (מיט ענוות) : איך הייס איהם אַ פּנים, נאָר ער וויל אליין... שבת און זונטאג פריה האַפּט ער זיך ארויס מיט אַ בערשטעלע און אַ קליין בענקעלע און מאַכט אַ „שיין“, ווער עס וויל... ער גיט מיר אויך אוועק איינגאַנצען...

אידא (לוסטיג): שפּייזער!

ביילע: וואָס מיינט איהר, מיר האָפּען טאקע, אז זיי וועלען אונז אמאָל שפּייזען... זיי זאָלען זיך נאָר אויסהאָרע־ווען...

(יאָזעף מיט אידען קוקען זיך איבער).

ביילע: און דו אידא... נאָך אַלץ אזוי אָהן א קינד... פּע, עס געפעלט מיר נישט...

אידא (סארקאסטיש): מיין יאָזעף דאַרף אָנהויבען נעה־מען מעהר ווייַדזשעם... (רעדט צום קינד): שא, שא! (דאָס קינד ציהט זיך צו איהר. זי ווערט דערפרעהט) קום, טייערינקער, קום צו מיר. (דאָס קינד געהט. אידא נעהמט עס ליעב ארום און געהט אַרום איבער'ן צימער, זינגענדיג אַ קינדיש ליעדעלע).

ביילע: נישקשה, ווערסט קענען זיין א מאַמע...

יאָזעף (ליעב אָנקוקענדיג אידען מיט'ן קינד): מיר האָפּען...

**פ ע ר ז א נ ע ן:**

**שטארק**, א מאן פון אונגעפעהר 35 יאהר.

**שטילמאן**, אין דעם זעלבען עלטער.

**ראזע**, א פרוי פון א יאהר 30.

די סצענע שטעלט פֿאָר אַ גרויסען זאַל, רייך מעבלירט, לינקס אַ סאמעטענער פֿאָרהאַנג, וואו עס געפינט זיך די צווייטע אבטהיילונג פון זאַל. אווענד. דער זאַל איז העל בעלויכטען. שטאַרק, אַ זעלבסטצופריעדענער מיט אַ גליקליכען שמייכעל אויף די ליפּען, שפּאצירט אַרום אי־בער׳ן זאַל. געהט צו צו דעם פֿאָרהאַנג, נעהמט איהם פֿאַר־נאַנדער און מורמעלט.

שטארק (פאר זיך): זי שלאָפט... גליקליך ווי אַ קינד... ריין פון זינד... זאָל זי שלאָפען. (מאַכט צו צוריק די צוויי טהיילען פון פֿאָרהאַנג. דערהערט קלינגען). ווער זאָל עס זיין? (געהט עפענען די טהיר).

שטילמאן (געהט אַריין שטיל, מיט געמאָסטענע טריט, די ליפּען פערביסען, ווי ער וואָלט מורא האָבען זיי אויפצומאַכען, עס זאָל פון מויל ניט ארויספליהען אַ סוד. ענדליך מורמעלט ער אַרויס): גוטען אָווענד.

שטארק: גוטען אָווענד (געגעצט צופריעדען).

שטילמאן: מעג איך זיך זעצען?

שטארק (געגעצט געמאַכטערהייט): וואָס פרעגסטו?

שטילמאן (קוים שמייכלענדיג): ווייס איך... איך האָב מורא דו זאָלסט מיר ניט הייסען ארויסגעהן.

שטארק: נו, אזוי ווייט בין איך נאָך ניט שלעכט. (שמייכעלט).

שטילמאן: יא... אזוי ווייט נאָך נישט. (זעצט זיך אַנידער. — פּאָוזע).

שטארק: האָסט עפּעס צו זאָגען?...

ש ט י ל מ א ן: אַ סך.. זעהר אַ סך...

ש ט א ר ק (גענעצט): פאַר אַ סך האָב איך ניט קיין געדולד. וואָס? ווידער טענות...

ש ט י ל מ א ן: האָסט מורא פאַר מיינע טענות?...

ש ט א ר ק: מורא? גאָט בעוואָהר... איך האָב קיינ־מאָל ניט מורא געהאַט פאַר שטאַרקערע, בפרט פאַר דיר.

ש ט י ל מ א ן: אַזוי שטאַרק פיהלסטו זיך?

ש ט א ר ק: געוויס... ווען איך וואָלט ניט געפיהלט אין מיר אַ גרויסע מאַכט וואָלט איך ניט בעזעסען דעם דאָזיגען זאַל.

ש ט י ל מ א ן (שמייכעלט): וואָלט דער דאָזיגער זאַל מיינער געווען.

ש ט א ר ק: מעגליך... איך וויל עס ניט לייקענען.

ש ט י ל מ א ן: לייקענען? אַלע ווייסען, אַז דו האָסט מיך בערויבט...

ש ט א ר ק: דאָס הייסט ניט בערויבט... קיין רויבער בין איך ניט... איך האָב בלויז געהאַט די מאַכט און אַלעס איז צו מיר אַריבערגעגאַנגען.

ש ט י ל מ א ן: אפילו מיין יונג־שעהן ווייבעל...

ש ט א ר ק (גוטמוטהיג): אפילו דיין יונג, שעהן וויי־בעל... איבריגענס שעהן איז זי ערשט ביי מיר געוואָרען... אָבער לאָמיר ניט רעדען אַזוי הויך. זי שלאָפט דאָ אונטערן פאָרהאַנג זי קען זיך אויפכאַפּען און זיך איבערשרעקען...

ש ט י ל מ א ן: ניין, זי שלאָפט אַלע מאָל גאַנץ גע־שמאַק... איך קען איהר שלאָף...

ש ט א ר ק: אַלזאָ, וואָס ווילסטו זאָגען?

ש ט י ל מ א ן: זאָגען? זאָגען וויל איך גאָר ניט... איך וויל נאָר אַביסעל פילאָזאָפירען!

ש ט א ר ק (קוקט איהם אָן פערוואונדערט): וואָס עפּעס

אין מיטען דערינען. ווייסט דאָך, אז צו פילאָזאָפיע האָב איך קיינמאָל קיין נייגונג ניט געהאַט.

שטילמאַן: יאָ, אבער איך — יאָ. די לעצטע צייט, זייט דו האָסט דאָס געשעפט פון מיר אוועקגערויבט און מיין ווייב, בין איך שטענדיג פערטראַכט: ווי אזוי איז דאָס געשעהן.

שטארק: איינפאַך: איך בין שטאַרקער פאַר דיר... איך האָב די מאַכט.

שטילמאַן: מאַכט? יאָ... געוויס... (פּאַוזע). און ווי וועט זיין, אז איך וועל קריגען די מאַכט?

שטארק (שמייכעלט): דאָס קען קיינמאָל ניט פּאַסירען. מיט דער מאַכט ווערט מען געבאָרען...

שטילמאַן: געבאָרען... הם... טשיקאַווע... אַט ווע־גען דעם טאַקע טראַכט איך: צי איז מאַכט א צופאַל, אָדער עס ליעגט אין דעם מענשען'ס נאַטור...

שטארק: דו ברעכסט זיך אומזיסט דעם קאָפּ.. מאַכט איז ניט קיין צופאַל. אזעלכע שלים־מזל'ס, האָב איך קיין פאַר־איבעל ניט, ווי דו, ווילען זיך איינרעדען, אז עס איז א צופאַל, אז ס'ווענדעט זיך אָן קאַפּריז פון דער השגחה ווי איהר פילאָ־זאָפישע שלים־מזל'ס רופט עס... אָ, איך ווער שוין באַלד אליין א פילאָזאָף (לאַכט).

שטילמאַן: אביסעל פילאָזאָפיע קען דיר ניט שאַ־דען... ווער ווייס — אפשר וועסטו אויך אמאָל א שלים־מזל ווערען, וועט עס דיר צוניץ קומען.

שטארק: איך בין היינט צו גוטמוטהיג געשטימט. זאָנסט וואָלט איך דיר דיינע לעצטע ווערטער ניט געשוויגען— איך וועל ווערען א שלים־מזל? — קיינמאָל ניט!

שטילמאַן (שמיכלענדיג קוים בעמערקבאר): מעגליך... אז ניט... אבער מיין מיינונג וועגען מאַכט איז אַן אנדערע.

שטארק (נייגעריג): נעמליך?

ש ט יל מ א ן: נעמליך, אז אָט היינט האָסטו זי און מאָרגען האָב איך זי, די מאַכט, מיין איך.

ש ט אַ ר ק: דו רעדסט נאַרישקייטען.

ש ט י ל מ אַ ן (שטאָלצער): בעליידיג מיך ניט...

ש ט אַ ר ק (בייז): וואָס איז דען?

ש ט י ל מ א ן (שטאָלץ): אזוי... איך האָב ניט ליעב, אז מען בעליידיגט מיך...

ש ט אַ ר ק (מיט חוזק): ביזט א גאַנצער שיסער געוואָרען...

ש ט י ל מ אַ ן (טראַציג): אפשר יאַ... איבריגענס בין איך געקומען ברעכען דיין מאַכט.

ש ט אַ ר ק (לאַכט): עס אמוזירט מיך. איך פערשפּאַר צו געהן מיט ראַזע'ן אין טהעאַטער: ער איז געקומען צוברעכען מיין מאַכט! ווי געפעלט עס אייך? (לאַכט געזונד און צופריעדען).

ש ט י ל מ אַ ן (אריינלעגענדיג די רעכטע האַנד אין טאַש): לאַך נישט!

ש ט אַ ר ק (לאַכט נאָך שטאַרקער).

ש ט י ל מ אַ ן: איבריגענס — לאַך... דו ביזט דאָך אַ אַלמעכטיגער...

ש ט אַ ר ק: געוויס!

ש ט י ל מ אַ ן: ביזטו זיכער?

ש ט אַ ר ק: נאָך ווי.

ש ט י ל מ אַ ן (געהט צו נעהנטער צו איהם, קוקט איהם אָן מיט פייערדיגע, אָבער שמייכלענדיגע בליקען): קיין מינדעסטער צווייפעל?

ש ט אַ ר ק: דער וואָס האָט די מאַכט צווייפעלט ניט.

ש ט י ל מ אַ ן: און איצט?

ש ט אַ ר ק (דערשראָקען): שטילמאַן! וואָס בעדייטעט עס?

(פאר שטארק'ס אויגען גיט א בליץ דער שפיץ פון א רעוואָל־ווער).

שטילמאן: דאָס איז א רעוואָלווער געלאָדען... זיי פאַרזיכטיג, ווארים איין דריק און דו ליעגסט מיט דיין מאכט, ווי א פגר אויף דר'ערד... נו, וואָס זאָגסטו איצט וועגען מאכט?

שטארק (שטאַמלענדיג): נאטירליך... אזוי אונער־ווארטעט... אבער בערוהיג זיך, שטילמאַן...

שטילמאן: איך בין גאנץ רוהיג... זיי רוהיג בלויז דו... ווייל איין וואָרט, וואָס עס וועט מיר ניט געפעלען פון דיר, קען דיך טויטען...

שטארק (בלייך און דערשראָקען): אָ, יאָ! איך בין רוהיג.

שטילמאן: דיין מיינונג וועגען מאכט?

שטארק: נאַטירליך, מיר מאכען אָפט טעות'ן...

שטילמאן: ניין, דאָס שטעלט מיך ניט צופריע־דען — דו זאָג דייטליך: דו ביזט א נישטיגקייט.

שטארק: בעליידיגסט מיך.

שטילמאן: קיין דינגעניש ניט! איך האָב איצט די מאכט, אלזאָ: (שטעלט אָן דעם רעוואָלווער).

שטארק: נאַטירליך...

שטילמאן: וואָס, נאַטירליך?

שטארק (גאַנץ שטיל): איך בין א נישטיגקייט.

שטילמאן: איצט זעה איך, ווי וואהר עס איז: ביזט א נישטיגקייט און א לומפּ. א יאָ, ביזט א לומפּ?

שטארק: מעהר אָדער ווייניגער...

שטילמאן: און אין מאכט גלויבסטו נאָך?...

שטארק (פילאָזאָפיש): וואָס איז מאכט... א נאַ־רישער צופאַל. א פערבלענדעניש...

שטארק: אָט איצט האָב איך דיך גערן, רעדסט ווי

א פילאָזאָף, ווי א שלים־מזל, ווי איך האָב פאראכטאָגען גע־רעדט... (פּאוזע) און זי שלאָפט?

ש ט א ר ק : יאָ... זי האָט מיין חרפּה ניט בייגעוואָהנט...

ש ט י ל מ א ן : איך האָב געוואָלט זי זאָל יאָ בייוואָה־נען... געה וועק זי אויף...

ש ט א ר ק (פערצווייפעלט) : אָ, ניין, ניט זיי אזוי גרויזאם... נוץ ניט אויס דיין מאכט געגען א שוואכערען...

ש ט י ל מ א ן (גרויסמוטיג) : גוט... טאָ פערלאָז גלייך דאס הויז... איך וויל דאָ בלייבען אליין מיט איהר...

ש ט א ר ק (כאַפּט זיך אָן) : אָ, אויב דו לאָזט מיך אָפּ, געה איך אוועק מיט פערגעניגען... זי איז דאָך דיין ווייב... איך האָב זי ביי דיר אוועקגענומען מיט מיין מאכט, — איצט קלינגט עס אזוי וויציג... אדיע... ווען זאָל איך צוריק קומען?

ש ט י ל מ א ן : וועסט שוין קומען צו מיר...

ש ט א ר ק : זיכער, זיכער! געהם זי געזונטערהייד... זי זאָל נאָר וועלען.

ש ט י ל מ א ן : אָ, זי וועט שוין וועלען...

(שטאַרק אָב).

ש ט י ל מ א ן (פונאַנדערנעהמענדיג די צוויי טהיילען פון פאָרהאנג, עס בעוויזט זיך אַ ברייטע בעט. ביי אַ ווינקעל, איינ־געוויקעלט אין קישענס ליעגט ראָזע אין די קליידער און שלאָפט).

ש ט י ל מ א ן (ארייגלעגענדיג דעם רעוואָלווער צוריק אין טאש) : ראָזע!

ר א ז ע (וועקענדיג זיך) : שטארק?

ש ט י ל מ א ן : שטעה אויף, ראָזע.

ר א ז ע (דערקענט נישט די שטימע) : שטארק, גיב מיר א קוש...

ש ט י ל מ א ן : ווארט א ווײלע...

ר א ז ע (כאַפּט זיך אויף, דערזעהט שטילמאַן'ען און בלייבט

פערוווירט) : שטילמאן, ווי קומסטו אהער?...

ש ט י ל מ א ן : איך בין געקומען דיך געוואָהר ווע־רען, זעהען וואָס דו מאַכסט. (נעהמט זי אָן ביי דער האַנד).

ר אָ ז ע (בייז) : לאָז אָב, צווישען אונז איז איצט אַלעס צוריסען.

ש ט י ל מ א ן : געוויס, געוויס...

ר אָ ז ע : וואָס טהוסטו דאָ? און וואו איז שטארק?

ש ט י ל מ א ן : מיט שטאַרקען איז שוין אויס... (לאַכט).

ר אָ ז ע : וואָס מיינסטו אויס... שלים־מזל איינער. (וויל אַרויס פון בעט).

ש ט י ל מ א ן : ליעג נאָך!...

ר אָ ז ע (שטופט איהם אָפּ) : ריהר מיך נישט אָן, ביזט מיר דערוויעדער... (שרייט) שטארק... שטארק! וואו ביזטו?

ש ט י ל מ א ן : שטאַרקען האָב איך געהייסען געהן...

ר אָ ז ע : דו איהם? ווי אזוי, וואָס פּלוידערסטו? ביזט משוגע געוואָרען?...

ש ט י ל מ א ן : אפשר הייסט עס משוגע... איך האָב איהם געצייגט אַ רעוואָלווער... גלויבסט ניט? נאַ זעה! (נעהמט אַרויס פון טאַש און צייגט איהר).

ר אָ ז ע (דערשראַקען) : מיין גאָט, ווי קומט עס צו דיר?...

ש ט י ל מ א ן : איך האָב מיך איבערגעלעגט... פער־שטעהסט, איך האָב ערפאָהרען, אז מיט די מעכטיגע מוז מען זיך בעגעהן ווי מיט הינט... אַך, ווי ער האָט זיך דערשראָקען. דער־הונד.

ר אָ ז ע : ווער האָט זיך דערשראָקען?

ש ט י ל מ א ן : דיין מעכטיגער שטארק!...

ר אָ ז ע : ווירקליך?

ש ט י ל מ א ן: נאָך ווי.. ער האָט מיר צוגעגעבען, אז ער איז נישטיגקייט און א לומפּ און איז געלעגען ביי מיינע פיס... עס איז געווען א הערליכע סצענע...

ר אָ ז ע (שמייכעלט): ביזט דאָך גאָר א גאנצער העלד געוואָרען... אינטערעסאנט.

ש ט י ל מ א ן: זעהסטו!

ר אָ ז ע: אויב אזוי דריק איך דיר די האנד.

ש ט י ל מ א ן: און מעהר גאָר נישט?... אָ, דו שלעכט ווייבעלע...

ר אָ ז ע (שעלמיש): ווילסט, איך זאָל דיר טאקע א קוש געבען?

ש ט י ל מ א ן: געוויס...

(כאַפּט איהם אַריין אין איהרע אָרעמס).

ר אָ ז ע: אינטערעסאנט... איז ער געלעגען פאר דיינע פיס?... אָט דער מעכטיגער מאַן...

ש ט י ל מ א ן (שמייכלענדיג): שטעל זיך פאָר!

ר אָ ז ע: יאָ, ווירקליך — מאָדנע... ער האָט ביי מיר אַלעם פערלאָרען...

ש ט י ל מ א ן: און איך?

ר אָ ז ע: אָ, דו האָסט ביי מיר צוריק געוואונען...

ש ט י ל מ א ן: אַלעם?

ר אָ ז ע (שעלמיש): אַלעם... אַלעם...

(עס הערט זיך אַ קלינגען).

ר אָ ז ע: ער קומט דאָך צוריק...

ש ט י ל מ א ן: איך בין זיכער, אַז מיט פּאָליציי.

ר אָ ז ע (געריהרט): ער וועט דיך אַרעסטירען?

ש ט י ל מ א ן (שמייכלענדיג): מעגליך...

ר אָ ז ע: אָ, ניין, איך וועל ניט ערלויבען. דער פייגלינג! ניין! בעהאלט דעם רעוואָלווער... גיב מיר איהם אהער, איך וועל איהם בעהאַלטען ביי מיר... געה עפען!

ש ט י ל מ אַ ן (געהט אויפמאַכען. עס געהט אַריין שטאַרק מיט צוויי פּאָליציוליוט).

ש ט אַ ר ק (אָנווייזענדיג אויף שטילמאַן'ען): אָ, יער איז דאָס!

ר אָ ז ע (לויפט צו): וואָס איז?

ש ט אַ ר ק: בעזוכט איהם!

(די פּאָליציי בעזוכט שטילמאַן'ען).

א י י ן פּ אָ ל י צ י ס ט: ער האָט ניט קיין רעוואָלווער.

ד ע ר צ ו ו י י ט ע ר: ווירקליך..

ר אָ ז ע (מאכט זיך כאלו לא ידעה): וואָס פאר א רע־וואָלווער — ער איז מיין מאן און איז געקומען נאָך מיר.

ש ט אַ ר ק: דו ביזט דאן געשלאָפען, דאן... וואָס וויים־טו דען, פערלאָז זיך אויף מיר...

ר אָ ז ע (אויפגערעגט): אַ, דו פיינגלינג, לומפּ, אויף דיר זיך פערלאָזען!... (צו די פּאָליציי ליוט): דער הערר שטארק מאכט א בלבול... איך בין ניט געשלאָפען... ער וויל רואינירען מיין מאן...

ד י פּ אָ ל י צ י י ל י י ט (העפליך): אויב אזוי ענטשולדיגט... (צו שטאַרק'ען): דאָס עדות זאָגען פון א דאַמע מוזען מיר אָננעהמען, בעזאָנדערס, ווען קיין שום רעוואָלווער האָבען מיר ניט געפונען.

ר אָ ז ע: ווי קומט צו מיין מאן הערר שטילמאן, א רע־וואָלווער... א געמיינער בלבול!

(די פּאָליציי אָב).

ר אָ ז ע (צו שטאַרק'ען): ביזט א נאַר און א פּיינ־לינג...

ש ט אַ ר ק (איבערראשט): ראָזע!

ר אָ ז ע: איך האָס דיך! (צו שטילמאַן'ען): קום, שטיל־מאן, פערצייח מיר...

ש ט י ל מ א ן : אדיע, שטארק. נו, וואס איז עפעס מכח מאכט...

ש ט א ר ק : ביזט א העלד מיט א רעוואָלווער...

ש ט י ל מ א ן : שוטה — דער רעוואָלווער איז א קינ־דערשער, צום שפּיעלען, ניט צום שיסען... דו האָסט זיך אומ־זיסט געשראָקען.

ר אָ ז ע (נעהמט ארויס דעם רעוואָלווער פון אונטער דער־בלוזע, וואו זי האָט איהם בעהאַלטען) : ווירקליך — חא — חאָ— מיין העלד! און פאר אזא רעוואָלווער האָט ער זיך דערשראָקען... שטילמאן! ביזט ווירקליך א העלד!.. קום!

ש ט י ל מ א ן : נו, שטארק... וואס איז עפעס מכח מאכט... א געבווירענע זאך אָדער א נארישער צופאל?...

ש ט א ר ק (בלייבט שטעהען אונבעוועגליך מיט אן אראָב־געלאָזטען קאָפּ...)

(פאָרהאַנג לאַנגזאם).

## פּערזאָנען:

לאה, אַ מיידעל פון אַ יאָהר זיבען־און־צוואנציג, מיט אַ פערוועלקט געזיכט, האַלב אויסגעלאָשענע אויגען. אַ ניימאָרין.

ביילקע, אַ יונג מיידעל, מיט אַ בליהענדען געזיכט, שווארצע ברע־נענדיגע און גוטע אויגען, אויף שכירות ביי לאה׳ן.

די אַלטע מוטער, אַ אידענע פון אַ יאָהר פינף־און־זעכציג, געהט איינגעבויגען, רוקט זיך אין שטיבעל ווי אַ שאָטען, רעדט שטיל מיט אַ קרעכץ.

איסאַק, אַ בחור פון אַ יאָהר דרייסיג, מיט אַן ערנסט פּנים, טראָגט אַ שווארצע בלוזע.

**די סצענע קומט פֿאָר אין אַ פּראָווינציעלער שטאָדט אין דער ליטא, אין די לעצטע יאָהרען נאָך דער רוסישער רעוואָליוציע.**

**די סצענע שטעלט פֿאָר אַ קליין שטיבעל, ביי דער טיר — רעכטס — אַן אויוועןִ; קעגענאיבער דער טיר ביים איינציגען פענסטער, וואָס קוקט ארויס אין שמוציגען הויף, אַ הילצערנער נישט־געפּארבטער טיש, אויף וועלכען עס זיינען אַנגעוואָרפען וועשצייג; נעבען טיש שטעהט אַ נייה־מאַשין און אַ טאַבורעט. ביי די איבעריגע צוויי שווארצע וועגד פון שטיבעל שטעהען — רעכטס אַ בעטעל מיט בעט־צייג, לינקס אַ הילצערנע סאָפקע. אַ ווינטער־אָווענד. ל א ה און ב י י ל ק ע זיצען ביי דער אַרבייט ביים טיש און נייהען, פערזונקען אין געדאנקען. דער לאָמפּ אין מיטען טיש ברענט טונקעל.**

ב י י ל ק ע (נאָך אַ לאַנגער פּויזע, קוקענדיג צום אַלטען וואנד־זייגער): שוין צוואנציג מינוט צו אַכט, נאָך צוואַנציג מינוט...

ל א ה (גוטמוטיג): קוקסט מיר צופיעל אויפ׳ן זייגער.

ב י י ל ק ע (האַלב פערשעמט): ס׳איז א געוועהנהייט...

ל א ה: ס׳איז נישט קיין געוועהנהייט. ס׳איז א ליעבע. ער שטעהט שוין אודאי אין ראָג און וואַרט אויף דיר. יאָ, ביילקע?...

ב י י ל ק ע (לאכט): ס׳איז נישט אזוי ברענענדיג, ווי איהר מיינט. (קוקט ווידער צום זייגער, מיינענדיג, אַז לאה בעמערקט ניט).

לאה (מיט אַ זיפץ): יאָ, ס'איז נישט אַזוי ווי איך מיין. וואָס ווייסען מיר פון אַזוינע זאַכען... (שטיל ווי צו זיך) אויף מיר האָט קיינער ניט געוואַרט... קיינער ניט געוואַרט...

ביילקע: וואָס איז?.. פאַרוואָס? (קוקט אויף איהר ווי מיט מיטגעפיהל).

לאה: פאַרוואָס? האַ, פאַרוואָס? (שמייכעלט ביטער־ליך) כ'לעבען, איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס. (קוקט אויפ'ן זייגער). נו, קענסט שוין באַלד געהן, וועסטו איהם שוין זעהן. באַלד... עס ציהט, וואָס?... זאָג, שעם זיך נישט... עס ציהט?...

ביילקע (מיט אראָבגעלאָזטע בליקען): וואָס איז זיך דאָ צו שעמען. איך וויל איהם טאַקי זעהן... ס'ציהט טאַקי..

לאה: יאָ, עס ציהט, איך ווייס... (אויפגערעגט עטוואָס) זאָג מיר ביילקע, אַז איהר טרעפט זיך ביידע, וואָס טהוט איהר? זאָג, נאַרעלע, זאָג...

ביילקע (פערשעהמט): וואָסהייסט וואָס טוען מיר... מיר געהען שפּאַצירען, מירריידען...

לאה (קוקט זי אָן ליידענשאַפטליך): און אַז דו קומסט צו איהם... זאָג נאָר...

ביילקע: צו איהם... צו איהם געה איך זעהר זעלטען.. כ'לעבען זעהר זעלטען..

לאה (מיט מעהר ליידענשאַפט): אָבער אַז דו ביזט ביי איהם, ווי אַזוי פערברענגט איהר?... זאָג... מיר מעגסטו זאָגען... איך בין דאָך דיינע נישט קיין בעל־הבית'טע, איך בין דאָך דיי־נע אַ חבר'טאָרין... זאָג מיר אַלץ.

ביילקע: אודאי וועל איך אייך זאָגען... איך האָב גאָר קיין מורא נישט... ער גיט מיר אַמאָל אַ קוש...

לאה (לעגט אַוועק די אַרבייט): אַמאָל אַ קוש... נישט מעהר? דאָס ביזטו שוין אַ ליגנערין... איך גלויב נישט... איך מיין, אַז איהר מוזט זיצען נאָכאַנאַנד און קושען זיך... יאָ?..

ב י י ל ק ע (לאַכט פערשעמט): נאָכאַנאַנד טאַקע נישט... נאָר מען קושט זיך געַנוג... חי־חי־חי! איך איהם נישט, אפשר זעלטען אמאָל... אבער ער — אַ מאָדנער! מילא אייך וועל איך שוין אַלץ דערצעהלען — ער וואָלט זיך נאָר געקושט און גע־קושט...

ל א ה (פלאַמט אויף, אַטעמט שווער): וואו, למשל, קושט ער דיך... זאָג, שעהם זיך נישט...

ב י י ל ק ע (שוין ווערענדיג פריי): אַ מאָדנער איז ער... איהר ווייסט וואו — אָט דאָ אָ. (זי ווייזט אויף איהר ווייסען האַלז) אָט דאָ! זעלטען־ווען אויף די ליפּען.

ל א ה (לאַכט ליידענשאַפטליך): ער איז נישט קיין נאַר!... האָסט טאַקי אַ שעהנעם האַלז...

ב י י ל ק ע (אַלץ מעהר צוקאָכענדיג זיך): אז איך וואָלט ווּיסען, אז איהר וועט נישט לאַכען, וואָלט איך אייך נאָך עפּעס דערצעהלט... ניין! דאָס דערצעהל איך שוין נישט... ער איז אַזאַ מאָדנער!...

ל א ה (ווידער שטאַרק אויפגערעגט): נאַרעלע, וועמען וועל איך דערצעהלען? וואָס בין איך עפּעס — אַ בעריידערין... איך האַלט דאָס דען פאַר אַן עולה?... אדרבא, הלואי וואָלט איך אמאָל... ניין, נישט דאָס... דערצעהל, וואָס איז עס פאַר אַ מאָד־נער... איך קען דאָך איהם, ער איז דאָך, פערקעהרט, אַ גאַנץ ליעבער יונג... דערצעהל...

ב י י ל ק ע (בויגט זיך אָן צו איהר): אָבער געדענקט! איהר זאָלט קיינעם נישט דערצעהלען... אז מיר בלייבען אמאָל לאַנג אַליין, בעט ער מיך. נאָר ניין... איך שעהם מיך... איך וועל עס נישט דערצעהלען...

ל א ה (שטעלט זיך אויף, מיט אַ ציטערענדען קול): איך בעשווער דיך, דו מוזט דערצעהלען! האָסט אָנגעהויבען, מוזטו דערצעהלען,

ב י י ל ק ע (שוין אויך לײדענשאַפטליך, פליסטערט שטיל): אז ער קושט מיך שוין גוט אַן דאָ אין האַלז, בעט ער מיך, איך זאָל אָבשפּיליען די בלוזקע... און אז איך וויל נישט, שפּיליעט ער אליין אָב... איך האָב דאמאָלס קיין כוחות נישט צו וועהרען זיך... איך פאַל עפּעס אריין ווי אין א חלשות... עפּעס געהען מיר ווי אוים די כחות, און ער קושט מיר אין ברוסט... אוי, לאה'לע, איך מוז אייך שוין דערצעהלען אלץ: עס איז מיר דאַמאָלס עפּעס אזא מחיה... אזא מחיה... איך געה אוים...

ל א ה (פאַלט צו איהר צו און נעהמט זי שטאַרק אַרום): אוי, מײן קלוגע ביילקע! טהוסט גוט! גוט! גוט!

ב י י ל ק ע (ווי ניט גלויבענדיג): טאַקע, איהר מיינט עס מיט אַן אמת? זאָגט, איהר זענט דאָך א געבילדעטע... איהר לייענט דאָך אזוי פיעל ביכלעך... איך ווייס גאָרנישט. אמאָל האָב איך חרטה דערויף, און אמאָל דאכט זיך מיר, אז עס איז גאָרנישט. ער זאָגט, אז מען מעג אלץ... פונדעסטוועגען „אלץ" וויל איך נישט...

ל א ה (העכסט אויפגערעגט): מען מעג אלץ, אלץ!...

ב י י ל ק ע: איך מיין אויך, אז מען מעג, אויב מען האָט זיך ליעב אויף אַן אמת.

ל א ה: מען מעג, מען מעג... קלוגע מעגען, אבער נארען טאָרען נישט...

ב י י ל ק ע: איצטער בעט איך אייך, דערצעהלט מיר אויך, אייער איסאאק קושט אייך אמאָל?... ער איז עפּעס אזא געבילדעטער... מיינער איז קנאַפּ געבילדעט... זאָגט, איך בעט אייך... איך מוז דאָס וויסען...

ל א ה (טראַכט א ווײלע): מיינער? איסאאק? ער איז גאָר נישט מיינער... אזוי בעקאַנט... מען ארבייט צוזאַמען אין בעוועגונג... ער קומט אמאָל ארויף...

ב י י ל ק ע: ביי אייך קושט מען זיך נישט, איך ווייס... איהר זענט ערנסטע מענשען.

ל א ה (האַלב איראָניש): יאָ, מיר זיינען ערנסטע מענ־שען. מיר האָבען דערצו קיין צייט נישט. (עס הערען זיך שווערע טריט פון אַן אַלטען מענשען). די מאַמע געהט, געה שוין, בייל־קעלע, שוין אכט.

ד י אַ ל ט ע מ ו ט ע ר (קומט מיט אַ קויש, אין וועל־כען עס ליגען אויפ'ן דעק אָנגעפּרוּוירענע עפּעלעד): נו, א טאָג א ביסעל... אָנגעקאַלייעט זיך און פרעג וואָס... נישט געלייזט קיין גאנצען פערציגער. און דער גאַראַדאָוואָי, א קלאָג נאָך איהם, ס'אר א מין הונד א גוי דאָס איז, לאָזט נישט שטעהן אויפ'ן טראָטואר. חאַטש גיב איהם אַ קרענק... אוי, מיינע שטעכעניש איהם! (קרעכצט).

ב י י ל ק ע (שוין אן אָנגעטאָענענע צום אַוועקגעהן, שטיל צו לאה'ן): געדענקט־זשע, לאה... א סוד...

ל א ה: גוט, מיין קינד, האָב קיין מורא נישט.... געה שוין גיכער, א רחמנות אויף איהם...

ב י י ל ק ע: נישקשה, ער האָט צייט. (לאכט) א גוטע נאכט!

ל א ה: א גוטע נאכט! (זיפצט).

ד י אַ ל ט ע מ ו ט ע ר: א גוטע נאכט, טאָכטערקע... געה געזונד!... (צו לאה'ן) ס'אר א פארשוין א מיידעל! א מחיה אויף איהר צו קוקען... האָט שוין א חתן, האָב איך גע־הערט.

לאה (פערטראכט): יאָ... זי האָט...

ד י מ ו ט ע ר: נו, וואָס ביזטו אזוי פערזאָרגט... דו וועסט אויך האָבען...

ל א ה (בייז): מאַמע רייד נישט!...

ד י מ ו ט ע ר (מיט אַ קרעכץ): נו, שאַ, איך רייד נישט. נו, עס עפּעס, איך האָב געבראכט א גוט שטיקעל שמע־טענע־קעז, אָבער טאַקע אמת שמעטענע־קעז...

ל א ה: מאַמע, איך בעט דיך, רייד נישט וועגען קעז...

די מוטער: רייד נישט וועגען קעז?... פאַרוואָס נישט ריידען?... איך האָב מיט אַ כיון געקויפט שמעטענע־קעז... עס היילט אין הארצען...

לאה (איראָניש): היילט אין הארצען... וועסט שוין מיר דאָס הארץ נישט היילען...

די מוטער: ביי דיר איז דאָך אַלץ פערקעהרט, וואָס מען זאָגט דיר פאָלגסטו נישט... זעה ס'אַר אַ פּנים דו האָסט טאַקע...

לאה (אויפגערעגט): מאַמע, הערסט נישט אויף אַמאָל! (שטעלט זיך קוקען אין דעם קליינעם שפּיגעלע ביים וואַנד, פער־ריכט נערוועז די האָהר) מאַמע!

די מוטער: וואָס איז?

לאה (ניט דרייסט): מאַמע... איך וויל דיך עפּעס בע־טען, זאָלסט קיין פאַראיבעל נישט האָבען... דו מוזט דאָס מיר טהאָן... איך וויל, זאָלסט היינט געהן נעכטיגען צו דער מוהמע שרה'ן...

די מוטער (ערשטוינט): וואָס איז אזוי? צו וואָס? הא, לאה?

לאה (ניט געפינענדיג באַלד קיין ווערטער): פער־שטעהסטו, איסאק האָט מיך געבעטען... איסאק האָט געזאָגט, אז מען וועט זיך דאָ היינט צונויפקלויבען... מען דאַרף דאָ ריי־דען וועגען אַ וויכטיגע זאַך... ווייסט דאָך... זיי ווילען נישט, אז אַ פרעמדער מענש זאָל זיין דערביי... פערשטעהסט... ביי דער מוהמע שרה'ן איז דאָך גוט צו שלאָפען...

די מוטער: ס'איז דאָך מיר אַ חרפּה... וואָס וועל איך זאָגען? ציצעליסטען דאַרפען זיך אַן עצה האַלטען... מען וועט דאָך מיך אויסלאַכען...

לאה: מאַמע, איך בעט דיך, היינט טהו דאָס מיר, אָבער גיכער... (אויפגערעגט) אָבער גיכער!... מאַמע, האָב קיין פאַראיבעל נישט, איך מוז... איך האָב צוגעזאָגט... (געהט אום

הין און צוריק) מאַמע, גער אַוועק...

די מוטער: שאַ, איך גער, איך גער...

לאה: נעהם עס שפּעט אַב... נור גיכער, מאַמע... ער קומט באַלד.. זיי קומען באַלד...

די מוטער (האַלב בייז): איך וועל שוין דאַרטען עסען... אז אַך און וועה איז צו מיר... (רוקט זיך ארויס ווי אַ שאָטען. לאה בלייבט אַליין. גערט אום הין און צוריק איבער דער סצענע, קוקט אַלע ווייַלע אין שפּיגעל און מורמעלט).

לאה (פאר זיך): היינט מוז איך זיך אויסזאָגען... איך וויל געניסען! געניסען! געניסען! (זי דערהערט טריט. ווערט אויפגערעגט).

איסאַק (גערט אַריין פּאַוואַליע. דער אַבגעטראָגענער מאַנ־טעל איז פונאַנדערגעשפּיליעט, עס זעהט זיך אַרויס די שווארצע בלוזע). גוטען אָוועגד! (גיט לאה'ן די האַנד).

לאה (האַלט די האַנד אַ לענגערע ווײַלע און דריקט): גו־טען אָוועגד, איסאַק... נו?...

איסאַק (אָוועקזעצענדיג זיך): וואָס נו? געווען היינט אַ סך ארבייט... איך מוז באַלד ווידער גערן. היינט איז אַ סחאַד־קע...

לאה: אזוי, אַ סחאַדקע... ווידער אַ סחאַדקע... איהר מוזט גערן טאקע?

איסאַק (קוקט זי אָן): עס פערשטערט זיך — איך מוז... וואָס איז דאָס פאר אַ פראגע... איהר וועט אויך גערן...

לאה: יאַ... אודאי — איך וועל אויך גערן... (פויזע) איסאַק!

איסאַק: „איסאַק און איסאַק"! וואָס איז אזוינס?

לאה: איך האָב געוואָלט... בלייבט גאָר דאָ... די מאַמע איז נישטאָ...

איסאַק: וואָס רעדט איהר... מען מוז גערן אויף דער סחאַדקע... מען וואַרט דאָרט... קומט!

ל א ה : איך קען נישט געהן... די מאַמע איז נישטאָ...

א י ס אַ ק : וואו איז די מאַמע ? זי קומט דאָך מסתמא באַלד...

ל א ה : ניין, זי קומט נישט... זי קומט נישט...

א י ס אַ ק (פערוואונדערט) : פאַרוואָס ?

ל א ה (שטאַמלענדיג) : איך האָב זי בכיון אוועקגעשיקט. איך האָב געוואָלט... (האקט זיך אָב).

א י ס אַ ק : עפּעס זענט איהר, לאה, היינט מאָדנע.. איהר רעדט נישט. עפּעס אַ מאָדנע קאָנספּיראַציע...

ל א ה : אַ קאָנספּיראַציע... יאָ... אַ געפעהרליכע זאַך...

א י ס אַ ק (ווי בעלעדיגט) : פאַר מיר האָט איהר קאָנספּיראַציעס ?... פאַר מיר ? !...

ל א ה (קוקט איהם אָן) : איהר מיינט דען, אז איהר מעגט וויסען פון אַלע קאָנספּיראַציעס (שמייכעלט ביטער).

א י ס אַ ק (זיכער) : איך מיין, אז יאָ. איהר ווייסט עס גאַנץ גוט...

ל א ה : איך ? איך ווייס גאָרנישט... איך ווייס גאָר־נישט...

א י ס אַ ק : נו, לאה, דערצעהלט...

ל א ה : וועט איהר בלייבען דאָ ?

א י ס אַ ק : איך קען נישט... די סחאָדקע... מיר מוזען געהן...

ל א ה : אזוי, די סחאָדקע... נו, טאָ קומט... איך געה אויך.

א י ס אַ ק : און איהר וועט טאַקע נישט דערצעהלען?

ל א ה (פערביסען) : ניין... מען טאָר נישט... מען טאָר נישט... קאָנספּיראַציע... (לאכט זיך היסטעריש פונאַנדער).

א י ס אַ ק (קוקט זי אָן פערוואונדערט) : לאה, וואָס איז מיט אייך ? זאָגט ! רעדט !

ל א ה (בערוהיגט זיך): ניין, ס'איז גאָרנישט. פרעג וואָס האָב איך אוועקגעשיקט די מאמע... איך האָב עפּעס גע־מיינט... איך האָב עפּעס געוואָלט, און האָב גאָר פֿערגעסן, אַז ס'איז שוין שפּעט...

א י ס א ק (ניט פֿערשטעהענדיג): יאָ, ס'איז שוין טאַקע ש פּ ע ט... קומט אויף דער סחאָדקע...

די סצענע שטעלט פאָר אַ חסידיש שטיבעל אין אַלטען סטיל. אַ נידעריגער באַלקען. אין מיטען אַ גרויסער טיש, צווי־שען פיער הילצערנע רונדע זיילען, איבערגעדעקט מיט אַ צוהאַקטער מאַפּע. ביי די זייטען אַלטע בענק. ארום די דונקעלע ווענד שטעהען קלענערע און גרעסערע טישען, אָנגעוואָרפען מיט אַלטע ספרים. ביים עמוד רויכערן צוויי גרויסע יאָהרצייט־ליכט. טיעפער פון עמוד הענגט דער ארון־קודש, פערדעקט מיט אַ פּרכות, פון אויבען מיט אַ גאָלדענער עטרה. עס איז צוויי דיער זייגער ביי טאָג. אַ נאַסער גראָהער הערבסט־טאָג קוקט אריין דורך די פענס־טער מיט די קליינע שויבען. די מצולה, אַ טיעפער זומפּ, ליגט אויסגעצויגען הינטערן שטיבעל. ערטערווייז איז זי פערצויגען מיט אַ געדיכטען שימעל. איין חסיד מיט אַ צופלאָכטענער באָרד, מיט לאַנגע געקרייזעלטע פּאות קוקט אַרויס דורכ׳ן פענסטער, קוקט צו דער מצולה און ברומט ענדליך אַרויס צו די איבעריגע חסידים.

ערשטער חסיד: אזא נבלה! מען זאָל מסר׳ן אַ רבין! דאָס איז נאָר אַ מתנגדישע מלאכה!

צווייטער חסיד (אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ געל שיטער בערדעל, האַלב הויזעריגלער): וואָס דען, אַ חסיד וועט אזוינס טאָן? קיינמאָל נישט! — אַ חסיד מעג אפילו נתפקר ווערען, וועט ער אַ רבין נישט מסר׳ן! דאָס איז געוויס זייערס אַ שטיקעל ארבייט! עוכרי ישראל!

אַ דריטער חסיד (אין די מיטעלע יאָהרען, אין אַ צוריסענער אַלטער זשופּיצע, מיט אויסגעשטאָרטע בלויזע איילענ־

בויגענס, מיט א געדיכטער שווארצער בארד און טיפע שווארצע אויגען) : וואס ווילען זיי, די ימח־שמו׳ניקעס, וואס ארט זיי די מצולה? באשר זיי זאגען — עס איז שעדליך פאר׳ן געזונד, א שלעכטע לופט... נאסקייט... ווייס איך וואס! אט האט דער אל־טער זכרונו לברכה געלעבט צוויי און אכציג יאהר...

ערשטער חסיד (סארקאסטיש) : לופט... שמופט... אלץ איז ביי זיי לופט... קיין הימעל איז נישטא, נאר לופט... מען קען זיי, די אפיקורסים... די מצולה, האבען מיר א מסורה, איז דוקא א רפואה פאר א סך שלאפקייטען.. דער אלטער האט נאך דא מיט זיינע חסידים תשליך אבגעריכט. ווילען זיי עס גאר פערשיטען!...

צווייטער חסיד : חי־חי־חי! זיי ווילען... און אז זיי ווילען, איז וואס? נישקשה, זיי וועלען נישט אויספיה־רען.... דער גבאי איז אוועקגעפאהרען צום איספראווניק — עס וועט שוין ווערען רעכט... די חסידים וועלען קיין וועלד נישט זשאלעווען...

(פון חסידישען הויף דערהערט זיך א געוויין).

דער ערשטער חסיד (פערזארגט) : די יונגס־טע טאכטער, רחל׳ע, איז עפעס א חולה.

אלע חסידים : א־ווא! א־ווא!

דריטער חסיד : מיט די קינדער האט דער רבי נעבעך נישט קיין גליק. פאר צוויי יאהרען איז געשטארבען ר׳ חיימ׳על צו צוויי און צוואנציג יאהר... אזא צדיק! ער וואלט איבערגעשטיגען דעם רבין אין תורה... פאראיאהרען איז די על־טערע טאכטער נפטר געווארען — צוויי וואכען נאך דער חתונה... אזא יפת תואר... היינט איהר צדקות... גאט זאל שוין זיך מרחם זיין אויף רחל׳ען... (פויזע) ווייסט איהר נישט, וואס איז איהר אזוינס?...

דער יונגערמאנטשיק : עפעס זאגט מען, אז ווען טהוט איהר גארנישט... נאר זי בענקט... וואס איז

דאָס פאר א מין חולנית, ווײַס איך נישט... בענקען! וואָס איז שייך בענקען... דאכט זיך אין הויף איז פרעהליך... פרייטאג־צו־נאכטס, שבת, שבת־צו־נאכטס — אזוי פיעל נגינה... פארוואָס זאָל זי בענקען?... א מאָדנע זאך!...

ד ר י ט ע ר ח ס י ד (שושקענדיג): מען זאָגט בלומרשט, אז זי האָט געוואָלט ערגיץ פאָהרען... עס איז אפילו א זאך, וואָס לעגט זיך נישט אויפ'ן שכל... דעם רבינס א טאָכטער...

(דאָס געוויין ווערט גרעסער, די שטימע פון א פרוי הערט זיך אָלץ נעהענטער און נעהענטער. עגדליך עפענט זיך אויף די טיר און אין שטיבעל פאַלט אַריין די רביצין — א מאָגערע פרוי אין די פופציגער יאָהרען; זי איז אָנגעטהאָן אין א שווארץ קלייד, אויפ'ן קאָפּ א האָהר־באַנד. זי לויפט צו צום ארון־קודש, פאלט צו איהם צו און חליפעט).

ד י ח ס י ד י ם: גאָט זאָל העלפען, גאָט זאָל העלפען...

ד י ר ב י צ י ן (פון ארון־קודש חליפענדיג): זי איז מסוכן... זי געהט אוים ווי א ליכט... (זי געהט אַראָב פון ארון־קודש און בלייבט שטעהן אין מיטען שטיבעל, די אויגען צו דער מצולה געווענדט).

ד ע ר ע ר ש ט ע ר ח ס י ד (טרייסטענדיג): זי וועט אם ירצה השם זיין געזונד... א נאָווינע, אז מען איז אמאָל קראנק!...

ד י ר ב י צ י ן: דער גבאי איז נאָך נישטא פון איםפּראָווניק?...

צ ו ו י י ט ע ר ח ס י ד: ניין..

ד ע ר ד ר י ט ע ר ח ס י ד: גאָט וועט העלפען... דער איספּראווניק, זאָגט מען, איז א גוטער גוי, ער נעהמט געלד...

די רביצין: הא... ער נעהמט געלד... הייסט עס וועט די מצולה בלייבען...

ערשטער חסיד: נאָך א שאלה! וואס דען? מען וועט זי פערשיטען? גאָט זאָל אויסהיטען.. די מצולה וועט בלייבען, ביז וואנען דער הויף וועט בלייבען... ביי אונז איז די מצולה היילינ.... דאָ האָט נאָך דער אלטער, זכרונו לברכה, תשליך אָבגעריכט מיט זיינע טויזענדער חסידים...

דער יונגערמאנטשיק (חניפה'דיג): זאָרגט זיך נישט, רביצין! די מצולה וועט בלייבען... (ער שטאַרקט זיך) רבי'צין זאָלט איהר מיר געזונד זיין... וואס איז דען אייער רחל'ען?... טאקע א שטארקער חולה?

די רביצין (וויינענדיג): אוי, גאָט זאָל זיך מרחם זיין! א גרויסע חולה איז זי, איז געל ווי א וואקס...

דער יונגערמאנטשיק: נו, און וואס זאָגט דער דאָקטאר?

די רביצין (וויינענדיג): ער זאָגט, אז יענע קינדער, וועה איז מיר, זיינען אויך צוליעב דער מצולה אוועקגעגאנגען יונגע פון דער וועלט...

(די חסידים לאָזען טרויעריג אַראָב די קעפּ).

דער יונגערמאנטשיק: הייסט עס טאקע, אז די מצולה שאדט... היתכן... אזא היילינע זאך?...

די רביצין: דער רבי טענה'ט אָבער, אז דער דאָקטאר ווייס נישט... ער זאָגט, גאָט וועט וועלען, וועט רחל'ע זיין געזונד... די מצולה, זאָגט ער, איז דער מקור פון גאנצען חסידישען לעבען... אז מען זאָל פערשיטען די מצולה...

די חסידים (איבערראשט): ננננו?...

די רביצין: אז מען וועט פערשיטען די מצולה, וועלען אלע חסידים אראָב פון דרך הישר... ער האט א קבלה נאָך פון אלטען רבין...

ד ע ר ע ר ש ט ע ר ח ס י ד : זעהט איהר! און דאָ קומען די אפּיקורסים און ווילען זי פערשיטען... אויסגעראָט זאָלען זיי ווערען!...

ד י ר ב י צ י ן (טרייסעלט זיך פאר שרעק) : שילט זיך נישט, אידען... מען טאָר נישט...

ד ע ר י ו נ ג ע ר מ אַ נ ט ש י ק : אודאי טאָר מען נישט שילטען...

ד י ר ב י צ י ן (אַ וויינענדיגע, אָב)...

(עס לויפט אריין דער גבאי — אַ הויכער, שטאַרק געבויטער איד אין די מיטעלע יאָהרען... רעדט פרעהליך).

ד ע ר ג ב א י (צום ערשטען חסיד) : נו, אביסעל אן ארבייט געהאט!... קוים מיט צרות גע׳פּועל׳ט...

ד י ח ס י ד י ם (אין איין קול) : געפּועלט?...

ד ע ר ג ב א י : א מטמון געלד וועט עס קאָסטען. אבער פערשיטען וועט מען נישט... גאָט צו דאנקען, גע׳פּועלט!...

ד ע ר י ו נ ג ע ר מ אַ נ ט ש י ק (פרעהליך) : דארף מען דאָך נעהמען אביסעל משקה...

ד ע ר ג ב א י (רייבענדיג די הענד) : אין אָוועט וועט מען א הוליע טאָן... דער רבי וועט אויך זיין... ווי ער שטעהט אויף פון שלאָף, זאָג איך איהם אָן די שמחה.

ד ע ר י ו נ ג ע ר מ אַ נ ט ש י ק : איך מיין, אז ער וויים דאָס שוין אליין...

ד ע ר ע ר ש ט ע ר ח ס י ד (מיט אמונה) : א שאלה, צי ער וויים...

ד ע ר ג ב א י : הם... ווייסען וויים ער שוין אליין, אבער איך וויל האָבעי די מצוה פון אָנזאָגען א גוטע בשורה...

ד ע ר י ו נ ג ע ר מ אַ נ ט ש י ק : טאקע א גרויסע מצוה!... איך בין אייך מקנא!

(פון הויף הערט זיך דאָס געוויין פון דער רביצין: רחל'ע! רחל'ע!)

## פ ע ר ז א נ ע ן :

חיים זישעס, א פערמעגליכער בעל־הבית.

חנה, זיין פרוי.

גאלדע }
אסתר } זייערע צוויי שעהנע טעכטער.

דער עלטסטער }
דער מיטעלסטער } דריי רוסישע אפיציערען.
דער אינגסטער }

חייקעל מעקלער, חיים זישעס א פריינד.

חייענקע }
העלענא } דריי מיידלעך פון א הייזעל.
מאניע }

צייט : וועלט־קריג. ארט : לעמבערג.

אין חיים זישעס הויז, אין גרויסען עס־חדר. מעבלירט אויפ'ן אַלט בעל־הביתישען שטייגער: אין מיטען שטוב אַ גרויסער טיש אָבער געדעקט מיט אַ טישטוך, ארום טיש עטליכע שטוהלען, אויף די ווענט בילדער פון גוטע אי־דען און אַ מאפּ פון ארץ ישראל. אין שטוב דרעהען זיך ארום ווי שאָטענס חיים זישעס, זיין ווייב, די צוויי טעכטער, די מוטער ברעכט אַלע ווילע מיט די הענד. עס הערט זיך אַ קלינגען. אַלע ציטערען אויף. גאָלדע און אסתר טוליען זיך צו דער מאַמען. חיים זישעס געהט עפענען די טהיר. עס קומט אריין חיים מעקלער, אַ איד אין די מיטעלע יאָהרען מיט לעבעדיגע אָבער גוטע אויגען. חסידיש אָבער זויבער געקליידט, די לאַנגע באָרד און די לענגליכע פּאות אין אָרדענונג. אריינקומענדיג שווייגט ער אַ ווילע, ווי ער וואָלט אַריין אין אַ הויז פון אן אבל און ער וואָלט לויט'ן דין, פריהער פאר'ן בעל הבית ניט געטאָרט אָנהויבען רעדען. ענדליך מורמעלט ער אַרוים:

**חייקעל מעקלער**: צייטען!

**חיים** (קוקענדיג אויף דער ערד): נו... וואָס הערט זיך עפּעס אין שטאָדט?

**חייקעל מעקלער**: שלעכט, אָבער נאָך מיט חסד... קיין בראָנפען איז ניטאָ זיינען זיי רוהיגער. זיי פאָדערן אלץ פּראָדוקטען און געלד.

**חיים**: האָט מען דאָך שוין זיי געגעבען...

חייקעל מעקלער (ביטער שמייכלענדיג) : עס איז דען דאָ אַ שיעור פאַר'ן שונא... דערצו מסר'ן די פּאָליאַקען און די רוטענער ווייזען אַן אויף יעדען רייכערען אידען...

חיים : עס איז איצט דען פאַראַן אַ רייכער איד?... אַלע חרוב...

חיים מעקלער : מילא, אז עס איז ניטאָ וועט מען זיי ניט געבען... אָבער דאָס וואָס עס איז דאָ און זיי נעהמען אַליין — אָט דאָס איז שלעכט... (קוקט אויף די צוויי טעכטער, גאָלדע און אסתר) צו וואָס דרעהען זיי זיך אַרום אין שטוב, קען־גען פענסטער? עס איז אַ סכנה...

חנה : זיי זיינען ביז איצט געווען אין קעלער... דער־פרווירען געוואָרען, זיינען זיי אַרויף אַביסעל אָנוואַרעמען זיך... אָרימע פייגעלעך מיינע... דער זוהן אין מלחמה, ווער ווייס וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען און די טעכטער דאַרפען ציטער־רען ווי אַ בלאַט פאַר יעדען שאָרך... (צואווייינט זיך) געהט קינ־דערלעך, צוריק אין קעלער אַריין...

חייקעל מעקלער : אודאי אין קעלער!... איך האָב געזעהען דאָ אין גאַס אַרומדרעהען זיך אַ באַנדע אָפיציע־רען... זיי האָבען מיך נישט בעמערקט, איך ווייס? קען זיין, אַז אַ מאַנסביל טשעפּען זיי דוקא ניט. (שמייכלענדיג) זאָלען זיי מיר טשעפּען! וואָס פאַר אַ ווערטה האָט היינטיגע צייטען דאָס לעבען אין גאַנצען?... עס איז נמאס געוואָרען! איך האָב פאַר זיי קיין מורא ניט! אַבי מיינע טעכטער זיינען גאָט צו דאַנקען אין וויען... ווער ווייס, צו זיי האָבען דאַרטען צו עסען, אָבער לכל הפּחות זיינען זיי זיכער פון דעם שונא...

חנה (ווייינענדיג) : און אונז האָט דאָס האַרץ ניט גע־לאָזט אין אַזאַ צייט אוועקשיקען זיי... דער זוהן אין מלחמה, זאָלען כאָטש די טעכטער מיט אונז בלייבען... ווער האָט זיך געריכט, אַז דער שונא וועט אַזוי גיך אַריינפאַלען אַהער... (צו די קינדער) נו, איהר האָט זיך שוין אָנגעוואַרעמט? געהט, קינ־

דערלעך אין קעלער אריין — זיי קענען אלע ווילע אהער אריינ־פאלען. (אסתר און גאָלדע דערשראָקענע אָב).

חנה (קוקט ארויס אין פענסטער, שטעהט אַ ווײַלע און לויפט אָב פון פענסטער, פערברעכענדיג די הענד מיט אַ שרעקלי־כען געשריי): וועה איז מיר! — דריי אָפיציערען געהען גלייך אהער!

חיים (געהט צו צום פענסטער): יא... מיר דאכט, אז זיי געהען אהער... שלעכט! געה אריין צו די קינדער אין קע־לער...

חייקעל מעקלער (בעטראכטענדיג חנה'ן): עט... אן אלטע אידענע... זי קען בלייבען...

חנה (פערשעהמט): ווייס איך וואָס...

(הינטער'ן טהיר הערט זיך אַ קלאַנג פון שפּאָרען און שווער־דען און א הויך רעדען געמישט מיט אַ געלעכטער).

אלע: (מיט שרעק) זיי געהען...

(די טהיר ניט אָנקלינגענדיג עפענט זיך ראַש אויף, עס פאַלען אריין דריי אָפיציערען פון דרייסיג ביז פיערציג יעהריגען עלטער אין לאַנגע שינעלען, פערגאַרטעלט מיט ברייטע פּאָיאסען, רעכט ביין ברוסט אַ רעוואָלווער אין אַ רימענעם בייטעל, און אַ שווערד, וואָס שלעפּט זיך נאָכלעסיג אָבער מיט שטאָלץ איבער'ן דיל.

דער עלטערער אָפיציער (שטרענג, אָבער מיט געוויסער גרויסמוטיגקייט!): נו, איד! ביזטו צופריעדען, וואָס רוסען זיינען אריין צו אייך אין לוואָוו?

חיים (קוים פערשטעהענדיג): טאַק וועלמאָזשני פּאַן...

(די איבעריגע אָפיציערען לאַכען).

דער עלטערער אָפיציער (צו חנה'ן): און דו חייעטשקע... (בעטראכט זי) ביזט שוין אלט? ווי אלט ביזטו, חייעטשקע?

חייקעל מעקלער: זי פערשטעהט ניט, וואשע

בלאגאראָדיע — זי קען ניט קיין רוסיש... אַן אַלטע אידענע... איבער זעכציג...

ח נ ה (קומענדיג צו זיך, שאָקעלט מיט ענייוות מיט׳ן קאָפּ): סטאַרא קאביעטא, פאנאָוויע...

(די אָפיציערען לאַכען).

ד ע ר מ י ט ע ל ס ט ע ר אָ פ י צ י ע ר: נו, וואו זיינען אייערע קינדער?...

ח י י ם (דערשראָקען): ניטאָ... מיר האָבען ניט קיין קינדער...

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר אָ פ י צ י ע ר (לאַכענדיג): בעזדיעטניקעס?... וואָס?...

ד ע ר א י נ ג ע ר ע ר אָ פ י צ י ע ר: וואו זיינען אייערע יונגע חייעטשקעס? האַ? בעהאַלטען? אָדער אוועקגע־שיקט צו פראַנץ יאָזעפ׳ן פאַר אַ מתנה...

ח י י ק ע ל מ ע ק ל ע ר: זיי האָבען איין זוהן... אין מלחמה געבליבען...

ח י י ם (זיפצט): יעדען סין...

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר אָ פ י צ י ע ר (מיט אַ געמאַכטע בייזקייט): קענען אונזערע געגאַנגען.. שיעסען אויף אונזער חיל!... (דראָהענד מיט׳ן שווערד).

ח י י ם (דערשראָקען): ער האָט טאַקע ניט געוואָלט... וואָס האָט ער געזאָלט טהאָן?...

ד ע ר א י נ ג ע ר ע ר אָ פ י צ י ע ר (שפּיעלענדיג מיט׳ן שווערד): יאָ... קיינער וויל פון אייך ניט געהן... אונזערע אויך... אבער מען נעהמט זיי, מיר שטעלען זיי אין ערשטען פייער... (צולאַכט זיך).

ד ע ר ע ל ט ס ט ע ר אָ פ י צ י ע ר (ערנסט ווערענדיג צו די איבעריגע אָפיציערען): נו, ברידער, וואָס אָז אמת איז אַן אמת... אונזערע אידען זיינען גאָר נישטקשה׳דיג... אין מיין ראָטע האָט אַ אידעל מיין לעבען געראַטעוועט... מען האָט איהם

איצט די פּיס ארונטערגענומען... ער האָט בעקומען א געאַר־
גיעווסקי! א העלד אַ איד! ניטאָ וואָס צו רעדען!

ד ע ר א י נ ג ע ר ע ר (מיט אַ בייזען פּייערל אין די גראָהע אויגען): אָבער הערד קאַפּיטאַן... איך פּיהל, אז ביי דעם דאָזיגען אידען דארפען זיין טעכטער... איך בין שוין א מבין דערויף... דאָס הויז שמעקט מיט יונגע אידישקעס...

ד ע ר מ י ט ע ל ס ט ע ר אָ פ י צ י ע ר: יאָ... איך שפּיר!... זיי זיינען דאָ... וויפיעל ווייס איך ניט... אָבער עס זייגען דאָ חייעטשקעס (צולאכט זיך מיט אַ צופריעדענעם געלעכטער).

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר אָ פ י צ י ע ר (אָנקוקענדיג חיים'ען און חייקעל מעקלער): ווער איז דאָ דער בעל הבית?

ח י י ם: (שטאַמלענדיג) איך...

ח י י ק ע ל מ ע ק ל ע ר: איך בין א שכן...

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר אָ פ י צ י ע ר (גוטמוטיג): זאָג דעם אמת, האָסטו עפּעס טעכטער?

ח י י ם (פּעסט): ניין!

ח נ ה: ניעמא, פּאַנאָוויע, ניעמא... טילקאָ יעדען סין...
(די אָפיציערען לאַכען).

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר אָ פ י צ י ע ר: נו, דאַן מזטו פאר אונז שאפען מיידלעך... פערשטעהסט?... עס וועט אייך ניט העלפען קיין חכמות... מיר זיינען וואָיענע מענשען. מיר האָבען אונזער האָנאָר! וואס אונז קומט, קומט אונז! קוים האָבען מיר די שטאָדט איינגענומען, קומט קאָנטריבוציע...

ח י י ם: וואָר־זשע זאָל איך אייך נעהמען?

ד ע ר מ י ט ע ל ס ט ע ר אָ פ י צ י ע ר: ניט אונזער זאַך! מיר האָבען שוין ניט קיין געדולד צו זוכען...

ד ע ר א י נ ג ע ר ע ר אָ פ י צ י ע ר (בייז): איד! ברענג אונז דריי שעהנע אידישע חייעטשקעס, ווען ניט, (ציהט דעם שווערד).

חייקעל מעקלער (קענטיג בעפאלען פון אַ אי־דעע): וואשע בלאהאַראַדיע... איך וועל אייך ברענגען...

חיים: (קוקט איהם אָן מיט פאַרוואורף).

חייקעל מעקלער (אין דער שטיל צו חיים'ען): מבית־הזונות...

חנה׳ (ברעכט די הענד): אַ בראָך איז מיר געשעהן!...

חיים (פליסטערט): ס'איז שרעקליך!

חייקעל מעקלער: גזירת ת"ך...

דער אינגערער אָפיציער: וואָס פּלאַפּעלט איהר אויף אייער ווילדען לשון! רעדט ווי מענשען! רוסיש רעדט!

חייקעל מעקלער: דא... פּאַ רוסקי... פּאַ רוס־קי... יא פּאַנימאַיו!

דער עלטערער אָפיציער: זיי וועלען שוין קענען רוסיש! אונזערע אידען קענען אלע רוסיש! מיר וועלען זיי ־אַ אויך אויסלערנען!

חייקעל מעקלער (פערנייגט זיך אין אַ קאָמישען אופן).

(די אָפיציערען צולאכען זיך).

דער אינגערער אָפיציער: שנעל, קום צו־ריק און ברענג רעכטע סחורה, ווען ניט, הרג'ענען מיר דאַ אויס דיינע אידען...

חייקעל מעקלער (מיט שרעק): זאַריס, זאַרים! סייטשאַס... (אַב).

דער עלטערער אָפיציער (בעטראַכטענדיג דאָס בילד פון אַ רבי'ן אויפ'ן וואַנד): חטאַ אָן טאַקאָי?..

חנה (מיט הנאה): וועלקי ראבין... באָך... (צייגט מיט'ן פינגער צום הימעל...)

דער עלטערער אָפיציער: דא, ראבין... (שמייכעלט און ציהט לאַנגזאַם דעם שווערד... שטעכט קאַלטבלוטיג

דורך דאָס בילד, עס פאַלען מיט גערויש שטיקלעך גלאָז, דאָס בילד צוהאַקט אויף צוויי פאַלט אַראָפּ אויף דער ערד... די אָפיציערען לאַ־בען... חנה ווישט זיך די אויגען... חיים זיפצט און קוקט ארוים צום פענסטער).

דער עלטערער אָפיציער (אָנקוקענדיג די פּאַלעסטינא מאַפּע): א עטאַ שטאַ זא יערונדא?

חיים: (קוקט מיט ליעבע בליקען אויף'ן מאַפּע און שווייגט).

דער עלטערער אָפיציער (בייז ווערענ־דיג): וואס שווייגסטו?

חיים (מיט איינגעהאלטענעם צאָרן): פּאַלעסטינא..

חנה (מיט תחנונים): טשעפּע ניט האר־לעבען, א זינד...

דער מיטעלסטער אָפיציער (איראָניש): זייער אלט־פאָטער־לאַנד...

דער איינגערער אָפיציער (מיט חוזק): יערוסאלימסקיע דוואָריאַניע...

(אלע דריי אָפיציערען צולאַכען זיך... עס הערט זיך אַ קלינ־גען אין טהיר; חנה געהט אויפמאַכען).

חייקעל מעקלער (אריינקומענדיג פערשעהמט, נאָך איהם דריי מיידלעך...) דריי מיידלעך... געבראַכט, וואשע בלאהאָראָדיע...

(די דריי מיידלעך מיט אויסדרוקספאָלע שווארצע אידישע אויגען מיט אַבגעלעבטע געזיכטער, קוקען אויף די אָפיצירען, ווי טראַציג. חים און חנה קוקען פערשעהמט אויף דער ערד.

דער איינגערער אָפיציער (בעטראַכטענדיג זיי אונצופריעדען): וואו האַסטו, איד, זיי געקריגען?

חייקעל מעקלער: אין שטאָדט... ביי איין בעל הבית... ביי א צווייטען... ביי א דריטען... די שעהנסטע אי־דישע מיידלעך אויסגעקליבען... אלץ פאר אייך!

ד ע ר  ע ל ט ע ר ע ר  אַ פ י צ י ע ר : ביזט אַ מאַ־ שעניק! אזוינע סחורה קענען מיר אין דער היים! אַט דאָס איז דער חן פון אייערע אידישע טעכטער?... מיאוס'ע!

ח י י ק ע ל  מ ע ק ל ע ר (דערשראָקען): פון צרות, וואשע בלאהאראַדיע... אויסגעהונגערטע... מלחמה־צייט...

ד ע ר  א י נ ג ע ר ע ר  אַ פ י צ י ע ר : (קוקט אויף מאַנקען): נישקשה... (געהט צו איהר צו און נעהמט זי אָן פאר'ן ביוסט).

ח י י ק ע ל  מ ע ק ל ע ר (צו מאַנקען): האלט זיך ווי א צנועה...

מ אַ נ ק ע : (לאָזט זיך בלומרשט ניט!)

ד ע ר  מ י ט ע ל ס ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר : אויגען האָבען זיי שעהנע, ברענענדיגע אָבער די קערפערס... (בעקוקט זיי).

ח י י ק ע ל  מ ע ק ל ע ר (מיט התלהבות): שעהנהיי־ טען, וואשע בלאהאראַדיע, קראסאוויצעס... נאָר די מלחמה... צרות...

ד ע ר  ע ל ט ע ר ע ר  אַ פ י צ י ע ר (געהט צו חעלענ־ קע): נו, יערוסליאמסקא פרינצעס... ביזטו טאקע אזוי עהר־ ליך ווי דו מאכסט זיך...

ח י י ק ע ל  מ ע ק ל ע ר : עהרליכע קינדער ווי גאָלד... שעמעוודיגע! זעהט איהר דען ניט... קוים ביי זיי גע'פועלט!

ח נ ה  און  ח י י ם (ניט וויסענדיג וואו צו בעהאַלטען זיך): וועה! וועה!

(די אָפיציערען בעקוקען די מיידלעך, וועלכע שטעהען מיט אראָבגעלאָזטע קעפּ. עס דערהערט זיך פלוצים פון ערגעץ אַ היסטערי־ שער געוויין...

ד י  אַ פ י צ י ע ר ע ן (מיט פרייד): פרויען־געוויין! עס זיינען דאָ פרויען בעהאַלטען...

ח נ ה (ברעכענדיג די הענד): וועה איז מיר!

ח י י ם (ווינקענדיג צו חייקעל מעקלער): שלעכט!

ח י י ק ע ל מ ע ק ל ע ר (מיט יאוש): איצט איז ביטער!...

ד ע ר א י נ ג ע ר ע ר א פ י צ י ע ר (מיט נצחון): אבער איך האב געפיהלט, אז דא זיינען דא פרויען...

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר א פ י צ י ע ר: נו, נו, ברידער! מיר וועלען באלד זעהן!

(לאזען זיך צום טהיר, פון וואנען דער געוויין האט זיך גע־הערט).

ח י י ם (פערשטעלענדיג זיי דעם וועג): ניין! ניין!

ח נ ה (פאלענדיג צו די פיס פון עלטערען אפיציער): פאַ־נאטשיק...

(קושט איהם דעם שווערד. די אפיציערען שטויסען זיי אב. לא־זען זיך צום קעלער. חיים, חנה, חייקעל מעקלער נאך זיי. די דריי מיידלעך קוקען זיך אינגער איבערראשט.

מ א נ ק ע: מיר זיינען פאר אלע די קרבנות...

ה ע ל ע נ ק ע (ברוגז): האסט געהאט וואס צו פער־ליערען!...

ח י י ע נ ק ע: מיר וויינט דאס הארץ... זיי איז דאך א שאד, עהרליכע קינדער... לאמיר זיי ראטעווען...

(די צוויי טעכטער גאלדע און אסתר געפיהרט פון אפיציערען קומען אריין. חיים, חנה און חייקעל מעקלער נאך זיי...

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר א פ י צ י ע ר: אט דאס זיינען שעהנהייטען!

ד ע ר מ י ט ע ל ס ט ע ר א פ י צ י ע ר: אט אזוינס האבען מיר געמיינט!

ד ע ר א י נ ג ע ר ע ר א פ י צ י ע ר: א שאד, וואס בלויז צוויי.

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר א פ י צ י ע ר: (ברייטהערציג)

מיר וועלען זיך שוין צוטהיילען...

ח י י ע נ ק ע (צום עלטסטען): לאזט זיי אב!

ה ע ל ע נ ק ע: אפיציערען דארפען איידעלער זיין!

מ א נ ק ע: מיר זיינען דען אייך וועניג!

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר א פ י צ י ע ר: איהר זענט איי־פערזיכטיג? (לאכט צו מאנקען) איבריגענס. דו בלייב.

ד ע ר מ י ט ע ל ס ט ע ר א פ י צ י ע ר: אלע זאלען בלייבען.

ד ע ר א י נ ג ע ר ע ר א פ י צ י ע ר: געווים אלע!

מ א נ ק ע: איך וועל ניט בלייבען!

ח י י ע נ ק ע: איך אויך ניט.

ה ע ל ע נ ק ע: סיידען טוידטע וועט איהר אונז דא האבען!

ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר א פ י צ י ע ר (פערוואונדערט): ווער זענט איהר דען?

מ א נ ק ע (מיט א צולהכעים): גאסען־מיידלעך!...

ח י י ע נ ק ע: מיר זיינען געקומען אויסלייזען פון איי־ערע הענד צוויי אידישע טעכטער...

ה ע ל ע נ ק ע: איהר טארט זיי ניט טשעפען! עהרליכע קינדער!

(די אפיציערען קוקען זיך איבער).

**ד ע ר ע ל ט ע ר ע ר א פ י צ י ע ר (מורמעלט): אינטערעסנא!**

ד ע ר א י נ ג ע ר ע ר א פ י צ י ע ר: נו, וואס האבען זיי זיך געשטעלט טענה'ן, אדער נעהמט זיי, אדער דערשיסט זיי.

מ א נ ק ע (אויסשטעלענדיג די ברוסט): שיס!

ח י י ע נ ק ע און ה ע ל ע נ ק ע (אויסשטעלענדיג זייערע בריסט, אין איין קול): שיסט!

חנה (מיט אַ תחינה ניגון): אוי, זיי זיינען דאָך טייערע קינדער, צדקניות...

חיים (צו אסתר'ן און גאָלדען): קינדער! לאָזט זיך אויף בעסער דערשיסען!

חייקעל מעקלער (קוקענדיג צו די דריי מייד־לעך): העלפט, אידישע טעכטער! ראטעוועט צוויי עהרליכע אי־דישע מיידלעך!...

די דריי גאסען מיידלעך: (אין דער זעלבער פּאָזע) נו, שיסט!

די דריי אָפיציערען (פערגאפט און איבער־ראַשט)!

דער עלטערער אָפיציער: ס'איז גאָר אַנ־דערע מיידלעך!

דער מיטעלסטער אָפיציער: העלדינס!

דער איגנערער: יאָ, גאָר נישקשה'דיגע!

דער עלטערער אָפיציער (אָנווייזענדיג אויף מאַנקען): זי הויבט מיר שוין אָן שטארק צו געפעלען.

דער מיטעלסטער אָפיציער: זיי זיי־נען אַלע דריי מיר איצט געפעלען...

דער איגנערער אָפיציער: יאָ, די אויגען זייערע פלאמען, ווי ביי זשאַן ד'ארק... (צולאַכט זיך).

דער עלטערער אָפיציער (ווי נִיט זיכער): לאָמיר אפשר די צוויי אַבלאָזען...

דער מיטעלסטער אָפיציער: עס איז אַ שאָד... אָבער...

דער איגנערער אָפיציער: ווען די דריי בעטען אזוי העלדיש...

אַלע דריי גאסען־מיידלעך (ווי אייז שטיס): מיר פּאָדערען!

דער עלטערער אפיציער (לאכט): ווי נע־פעהלט אייך די העזה!

דער מיטעלסטער אפיציער: (קוקענדיג מיט פעראכטונג אויף אסתר'ן מיט גאָלדען): איך האָב פיינט פער־וויינטע נשמות...

(חיים מיט חנה'ן קוקען זיך איבער... אסתר און גאָלדע שטע־לען אוים זייערע אויגען און גלויבען ניט אין דעם וואָס עס קומט פאָר...)

חייקעל מעקלער (מורמעלט): גזירת ת"ך...

(פאוזע)

דער עלטערער אפיציער (צו מאַנקען): אלזא, זאָג זיי דאַרטען, אז זיי זיינען פריי.

מאַנקע (גלעט איהם שקאַצעוואַטע די וואָנסען): ליובליו!

חייענקע (צום מיטעלסטען): אַ, דו ביזט א וואוילער קערל...

(יעדע פון די דריי מיידלעך נעהמט אַן אָפיציער אונטער'ן אָרים און פיהרט איהם אין צווייטען צימער. — אסתר און גאָלדע לאָזען אַראָב די קעפּ אויף די הענט און פאלען אריין אין פערגע־סענטהייט).

חיים מעקלער (צו חיים'ן): קען מען שעצען א אידישע נשמה?...

חיים: ווער וויים... איך ווער משוגע...

חנה: (פרום) גאָט זאָל זיי העלפען, צולאַזענע... אָבער זיי האָבען גאָט אין הארצען... האָבען געראַטעוועט מיינע טעכטער פון שאנדע... (דריקענדע שטילקייט).

(פּאַרהאַנג לאַנגזאַם)

**פערזאנען:**

ערשטער קאלאנעל.
צווייטער קאלאנעל.
א געפאנגענער.
א געפאנגענע.

(די סצענע קומט פאַר ביי רוים נאָכ'ן חורבן בית שני).

ע ר ש ט ע ר ק אַ ל אָ נ ע ל (פאר'ן שוועל פון זיין הויז צום צווייטען קאָלאָניעל קעגענאיבער): האָסט זיך שוין אויסגע־רוהט פון לאנגען און שווערען קריעג?

ד ע ר צ ו ו י י ט ע ר: אָ, יאָ! דער קריעג איז פאר מיר גאָר נישט אזוי שווער געווען. איך האָב קיינמאָל נישט גע־גלויבט אין דער גרויסער קראפט פון די אידען.

ע ר ש ט ע ר ק אָ ל אָ נ אָ ל: דאָס איז שוין נישט אמת: זיי האָבען געקעמפפט ווי לייבען פאר זייער לאַנד און פרייהייט. דו ווייסט דאָך, ווי אזוי איך האס דאָס דאָזיגע הארט־נעקיגע און ווידערשפעניגסטע פאָלק, אָבער אַן אמת מוז מען זאָ־גען: מוט האָבען זיי געווג ארויסגעוויזען.

ד ע ר צ ו ו י י ט ע ר (סארקאסטיש): עס האָט זיי נישט נאָר זייער מוט, נאָר זייער גאָט נישט געהאָלפען. זיי זיינען פערטיליגט געוואָרען ווי שאָף און דאָס רעשט איז געפאנגען גע־וואָרען.

ד ע ר ע ר ש ט ע ר: אָ, יאָ! עס איז פון זיי קיין שריד ופליט נישט געבליבען, און וועגען די געפאנגענע וועל איך דיר זאָגען דעם אמת — איך האָב מיך נישט געיאָגט שטארק נאָך זיי. קנעכט האָב איך געווג. איך האָב נאָר איין יונג געפאנגען. ער איז זעהר שעהן, עס איז מיר געווען א שאָד צו הרג'ענען איהם, אָבוואָהל ער האָט זיך געבעטען מיט די אויגען, און דער־פאר טאקע האָב איך איהם לעבען געלאָזט. זאָל ער געפייניגט ווערען אלס קנעכט, וועט ער וויסען, ווי אזוי מען איז מורד אין דער רוימישער מאכט.

דער צווייטער: איך האָב דוקא א סך געפאנ־גען; ווארים נישט? פאר מיינע פאלאצען און פעלדער. נישקשה, זיי וועלען איצט זיין געטריי.

דער ערשטער: געפינען זיך צווישען דיינע גע־פאנגענע שעהנע און געזונטע?

דער צווייטער: זיי האָבען ביי מיר אלע איין פנים. אָבער איין געפאנגענע, נאָך גאָר א יונג מיידעל, איז אָ וואונדערליכע שעהנהייט. ווען איך זאָל נישט האָבען צום דאָ־זיגען פאָלק אזא טיעפע פעראכטונג, וואָלט איך זי געמאכט פאר מיין קעפס־ווייב... י' רייצט מיך זעהר. אָבער איך קען עס נישט צולאָזען, איך זאָל מיין ליעבע א שקלאפין שענקען און נאָך א טאָכטער פון א בעזיעגטען פאָלק...

דער ערשטער: אָ, געטער! ווי קענסטו גאָר אזוינס טראכטען? דו וואָלסט דעם רוימישען יחוס דערמיט פערפלעקט.

דער צווייטער: געוויס! דער רוימישער יחוס איז מיר גענוג טייער. אָבער דו ווילסט וויסען א סוד, וועל איך דיר ענטדעקען.

דער ערשטער (נייגעריג): איך בעשווער דיך אין נאָמען פון יופיטער, דערצעהל!

דער צווייטער (פליסטערנד): מען דערצעהלט, אז טיטוס האָט זיך א געליעבטע פון די געפאַנגענע אויסגע־וועהלט. זאָלען מיר עס גלויבען אויפ'ן גרויסען העלד און זיע־גער?

דער ערשטער: דער זיעג פער'שיכור'ט. און מען קען זיך אין שיכרות אַלץ ערלויבען...

(פויזע).

דער ערשטער: דאָך פערדריסט מיר, וואָס איך האָב נאָך פון זיי נישט געפאנגען, אַלס קנעכט, קען זיין, זיינען די אידען רוהיג. אָבער ווייסטו, וואָס מיר איז איינגעפאלען?

דער צווייטער: וואָס קען איך וויסן? זאָג מיר.

דער ערשטער: דו זאָגסט, אַז צווישען דיינע געפאַנגענע געפינט זיך זעהר אַ שעהנע אידין...

דער צווייטער: ווען איך וואָלט נישט מורא האָבען פאַר זינד, וואָלט איך זי געגליכען צו איינער פון אונזערע געטינס...

דער ערשטער: האָסט שוין געזינדיגט! די געטער זאָלען דיר פערגעבען. איך בין אָבער איצט אויסען וואָס אַנדערש. איך וועל מיט דיר אַ געשעפט מאַכען...

דער צווייטער (פערוואונדערט): געשעפט? ווי קומסטו, פאַטריציער, צו אַזאַ געמיינער זאַך, ווי געשעפט... דו ביזט אויך ווי שיכור פון זיעג און רעדסט דומהייט.

דער ערשטער: אָ, שרעק זיך נישט. איך בין גענוג שטאָלץ מיט מיין רוימישען יחוס. איך האָב נאָר אַ וויץ געמאַכט... איך וועל דיר זאָגען דיימליך: איך האָב אַ שעהנעם קנעכט געפאַנגען, דו אַ שעהנע שקלאַפין, — לאָמיר זיי צוזאַמענפּאָרען און זיי וועלען זעהר שעהנע-קינדער געבוירען, און אַט די קינדער וועלען מיר זיך טיילען און וועלען שעהנע קנעכט שפּעטער האָבען.

דער צווייטער: אויב עס געפעלט דיר שטאַרק, קען איך דיר עס צוליעב טאָן. איך בין אָבער אין ספק, צי וועלען זיי ביידע וועלען פערקעהרען אָהן חופּה... ביי די אידען איז מען זעהר אָבגעהיט. די צניעות איז זעהר שטאַרק אין זייערע פאַמיליעס. לויט זייער תורה קומט דערפאַר די גרעסטע שטראָף.

דער ערשטער: אָ, זיי רוהיג, פריינד. צוויי יונגע ווזענס, מעגען זיי שטאַמען פון אידישען פאָלק, ווען זיי בלייבען אליין אין דער פינסטער... דערצו וועלען מיר זיי נאַקעט אויסטאָן... זיי וועלען שוין פערגעסען אָן זייער תורה און אָן

זייער צניעות און אַן זייער גאַט...

(ביידע לאכען).

דער צווייטער: יאָ, דאָס ביזטו גערעכט... און איבערהויפּט געפעלט מיר די גאַנצע שפּיעל. אלזאָ, גוט, פריינד, איך בין וויליג דאָס צו טהאָן. טאַקע די נאַכט װעלען מיר זיי צו־זאַמענפּאָרען.

דער ערשטער: גיב דיין שקלאַפין אַ בעסערען נאַכטמאָל צו עסען...

דער צווייטער: אַ, עסען עסען זיי אַלע וועניג... נישט אַלץ איז זיי דאָך ערלויבט... עס אַרט מיך דוקא נישט, וואָס זיי עסען וועניג, איך וויל זיי אַליין פיעל עסען נישט געבען... אָבער דער שעהנער שקלאַפין האָב איך שוין געוואָלט מעהר עסען געבען, עסט זי נאָך וועניגער ווי אַלע... זי זיצט מיט שטאַרע בליקען און קוקט צו מזרח־זייט...

דער ערשטער: מיינער אויך אַזוי... קוקט אַלץ צו מזרח־זייט...

## צווייטעס בילד.

(אַ פינסטערער חדר. אין איין ווינקעל זיצט האַלב־נאַקעט די געפאַנגענע אידין. איהרע לאַנגע שווארצע האָהר צע־וואָרפען איבער די אַקסלען און העלפט איבער'ן פּנים. אין צווייטען ווינקעל זיצט אויך האַלב־נאַקעט דער געפאַנגע־נער. זיינע אויגען האַלט ער געשלאָסען, דעם קאָפּ אַראָב־געלאָזט אויף די קניה...)

דער געפאַנגענער (פון זיין ווינקעל, קרעכ־צענדיג): אַ, מיין פאָטער, מיין פאָטער! וואו ביזטו איצטער...

ביזטו דער׳הרג׳עט, פערטיידיגענדיג דאס הייליגע הויז, אדער דיין כהונה איז פערשוועכט געווארען, און געפינסט זיך, ווי איך ביי די געצעגענדיגער פאר א קנעכט?... א, מיין פאטער, מיין פאטער!

די געפאנגענע (פון צווייטען ווינקעל, שלוכצענדיג): מיין פאטער, דער שענסטער אידישער מאן... וואו איז ער איצט?...

דער געפאנגענער (ווייגט אין דער שטיל): א, הייליגער גאט! מיט א פרעמדער פרוי אין איין חדר... איך בין דעם כהן־גדול׳ס זוהן... מיין כהונה איז פערשוועכט...

די געפאנגענע: א, וועז... מיין פאטער וואלט עס וויסען, וואו איך געפין זיך איצט און מיט וועמען — מיט א רוימישען שקלאף... א, ער זאל מיך חאטש נישט אנריהרען... איך וועל מיך בעסער לאזען טויטען...

דער געפאנגענער (שטיל צו זיך): א, די ווילדע צולאזענע רוימער! זיי מיינען, אז איך וועל זינדיגען מיט א פרעמד מיידעל, א שקלאפין... שטארבען וועל איך דא און וועל זי נישט אנריהרען.

(פון ביידע ווינקלען הערט זיך א שלוכצען). אין קליינעם פענסטערל הויבט אן ווערען גראהער און גראהער. עס קוקט אריין אין חדר א שטיקעלע הימעל... עס ווערט ליכטיגער, ליכטיגער...)

די געפאנגענע: א דאנק דיר, גאט! עס טאגט שוין, און דער פרעמדער האט מיך נישט אנגעריהרט... איך דאנק דיר, גרויסער גאט!... ריין בין איך ווידער געבליבען, ווי מיין פאטער האט מיך געלערנט, ווי מיין ברודער... א, מיין ברודער, ווי ליעב האב איך דיך געהאט! וואו ביזטו איצט?...

דער געפאנגענער (פון צווייטען ווינקעל): די זון געהט שוין אויף, און פאר אונז איז זי אויף אייביג פער־לאשען. די שטראהלען פאלען איצט אויף די חורבות פון בית־המקדש... נישטא קיין כהן, קיין נביא... און וואו זיינען מיינע

ליעבליבע, מיין פאטער, מיין מוטער, מיין ליעבע שעהנע שוועס־טער — איז זי אויך, ווי איך, געפאנגען געוואָרען? (הויך אויפ'ן קול, פערברעכענדיג מיט די הענד) אָ, מיין שוועסטער! מיין שוועסטער!

די געפאנגענע (איבערראשט): עפּעס א בע־קאנטער קול... איז עס מעגליך?... (הויבט אויף פאָרזיכטיג די אויגען, בעמערקט אָבער דעם געפאנגענעמס נאַקעטען קערפּער, לאָזט זיי שנעל אַראָב...) פרעמדער מענש! רעדט עפּעס נאָך. איך וויל הערען אייער קול.

דער געפאנגענער (דיזעלבע איבערראשונג): וועמעס קול הער איך, מיין גאָט! (הויבט אויף די אויגען, בע־מערקט אָבער דעם האַלב-נאַקעטען קערפּער און פערשטעלט זיי צוריק מיט די הענד...)

די געפאנגענע: (ציטערנדיג מיט'ן גאַנצען קער־פּער): ווער ביזטו, פרעמדער?

דער געפאנגענער: ר' ישמעאל כהן גדול'ס זוהן...

די געפאנגענע (שפּרינגט אויף פון אָרט, לויפט צו צום צווייטען ווינקעל און שרייט אויס): מיין ברודער! מיין ברודער!

דער געפאנגענער (שטעלט זיך אויף): אָ, מיין שוועסטער, מיין שוועסטער! וואו האָבען מיר זיך עס גע־טראָפען? נישט אויפ'ן בארג ציון, נאָר דאָ אין א פינסטערען חדר, ביי נעצענדינער! (פאַלען איינע די אַנדערע אויפ'ן האַלז און ווייגען לאַנג, לאַנג, ביז זיי געהען אויס אין טרעהרען, און פאַלען טויט אויף דער ערד אַרומגענומען...)

(עס עפענט זיך דאָס שמאָלע טירעל פון חדר, און די צוויי קאַ־לאַנעלען געהען אַריין, לאַכענדיגע).

דער ערשטער: זעהסט, ווי פעסט זיי ליגען ארומ־גענומען... און מיר האָבען מורא געהאט, אז זיי וועלען זיך נישט

צוריהרען איינע צו די אנדערע...

דער צווייטער: ווער קען זיי וויסען... קום, לאָמיר זיי נישט שטערען...

(אָב)

# דער טויטער פעלדמאַרשאַל.

(דיאַלאָג)

אין א קליינע אפיציערען־פאַלאַטקע זיינען געזעסען צוויי רוסישע אפיציערען און האָבען צווישען זיך געפיהרט פאָלגענדען געשפּרעך.

ע ר ש ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר : איז וואָס זענט איהר, קאַפּיטאַן, אַזוי פערצווייפעלט? דער קריעג איז נאָך ניט געענדיגט. ענדליך וועלען מיר דאָך זיעגען.

צ ו ו י י ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר (קוקט אין דער ווייטקייט אריין): מיר — זיעגען? כאַ־כאַ־כאַ.. אונמעגליך!... מיר האָבען שוין פערשפּיעלט.

ע ר ש ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר : מען קען נאָך נישט וויסען... אונזער אַרמעע איז נאָך גענוג גרויס... אויף יעדען געפאַלענעם סאָלדאַט האָבען מיר צעהן נייע...

צ ו ו י י ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר (קוקענדיג אין דער ווייטקייט, ווי ער וואָלט עמיצען געזעהן): גאַרנישט קען אונז שוין העלפען... (שמייכעלט מיט אַ מאָדנעם שמייכעל) מיר זיינען פערלאָרען!

ע ר ש ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר : איהר רעדט, קאַפּיטאַן, נישט ווי א מיליטער־מאַן, וואו איז אייער מוטה אהינגעקומען? עס וואונדערט מיך אויף אייך. איהר האָט דאָך בעפאָר דעם קריעג אַזוי פיעל מוטה און גלויבען ארויסגעוויזען.

צ ו ו י י ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר : אַך, מיין גאָט! בעפאָר'ן קריעג... דעמאָלט האָב איך געגלויבט אין אַפּאָלשטענדי־

„ען רוסישען זיען... אבער איצט, וויסענדיג ווער אונזער פעלד־מארשאל איז, קען איך ניט גלויבען...

ערשטער אפיציער: איהר גלויבט דען ניט אין די מיליטערישע פעהיגקייט פון אונזער פעלד־מארשאל ניקאָלאי ניקאָלאיעוויטש? מען מוז צוגעבען, אז נאָך אלע מפּלות איז ער פאַרט א העלד און איך בין זיכער, אז ענדליך וועט ער דעם שונא פעריאַגען און ער וועט זיעגרייך מיט אונזער נייער ארמעע אריינדרינגען אין שונא'ס לאנד.

צווייטער אָפיציער: אָ, יא! ווען ער וואָלט געוועזען דער פעלד־מארשאל וואָלט עס אפשר פריהער אָדער שפּעטער געשעהן. צו אונזער גרויס אונגליק איז ניט ער דער פעלדמאַרשאַל... מיר לעבען אלע אין טעות. (גלאָצט אויס די אוי־גען און קוקט אין דער ווייטקייט אריין, שמייכלענדיג פערדעכטיג.)

ערשטער אפיציער: (דריקענדיג מיט די פּליי־צעס): איך פערשטעה אייך ניט, הערר קאפּיטאַן, עפּיס רעדט איהר זאַנדערבאר... וואָס הייסט מיר לעבען אין טעות: צוויי־פעלט איהר דען, אז דער ריכטיגער פעלד־מאַרשאל איז ניקאָלאי ניקאָלאיעוויטש, דער מאַן פון גרויסען מוטה און שטארקען ווילען! מיינט איהר דען, אז ער לאָזט זיך בעאיינפלוסען פון אנדערע?...

צווייטער אפיציער: יא... איך ווייס אלץ... ניקאָלאי ניקאָלאיעוויטש איז אָפיציעל דער פעלד־מאַרשאַל... ער איז א מאַן פון גרויסען מוטה... קיינער קען אויף איהם ניט ווירקען... ער איז דער איינציגער פיהרער... מיר אלע זיינען איהם אונטערוואָרפען, זיינע בעפעהלען זיינען אונז הייליג אָבער (שמייכלענדיג) ער איז דאָך ניט דער פעלד־מאַרשאל.

ערשטער אפיציער: פאַר קיין פאַל פערשטעה איך ניט, הערר קאַפּיטאַן, איך וואָלט געוואָלט איהר זאָלט עס מיר ערקלערען דייטליכער...

צווייטער אפיציער: דייטליכער... הם... עס

אין ניט אַזוי לייכט... דאָס דאַרף מען קענען זעהן... מען דאַרף האָבען דערצו אַנדערע אויגען... און דערצו... אַך, איהר וועט עס ניט פערשטעהן, איהר זיינט אַ צו געזונטער מענש... און דערצו אַ נישט גלויביגער...

ע ר ש ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר  (בעטראַכט דעם קאַפּיטאַן מיט פאַרשעמטע בליקען) איהר זיינט נישט געזונט, הערר קאַפּיטאַן, איהר האָט געדאַרפט נעהמען אורלויב... אָבצורוהען זיך אַ פּאָר וואָכען...

צ װ י י ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר :  מיין פריינד, איך פיהל מיך גאַנץ געזונד... ניט דאָס... (ראָש) אָבער ווער איז אונזער פעלד־מאַרשאַל ווייסט איהר אַלץ נישט... (צולאַכט זיך).

ע ר ש ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר  (דערשראָקען) : הערר קאַ־פּיטאַן... זאָל איך אימיצען רופען... מיר דאַכט, אַז איהר האָט היץ...

צ װ י י ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר  (בייז) :  איהר זאָלט זיך נישט דערוועגען... שטענדיג איז מיט אייך אַזוי, הויבט מען אָן זעהן זאַכען אין זייער ריכטיגען געשטאַלט הייסט עס ביי אייך: קראַנקהייט, היץ, — אידיאָטען!...

ע ר ש ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר :  אָבער... מען זעהט דאָך, אַז איהר זייט, הערר קאַפּיטאַן אביסעל מיעד... איהר האָט גע־דאַרפט ווירקליך אויסווירקען אַ פּאָר וואָכען רוה פאַר אייך... נאָכדעם וואָלט איהר מיט פרישע קרעפטען געקענט שלאָגען זיך מיט'ן שונא און פיהרען אייערע ראָטעס אויפ'ן ריכטיגען וועג. צום זיעג און רוהם..

צ װ י י ט ער  אָ פ י צ י ע ר  (שטרענג) :  און וואָס וועט ער זאָגען?

ע ר ש ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר  (פער'חדוש'ט) :  ווער?

צ װ י י ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר :  דער פעלד־מאַרשאַל!

ע ר ש ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר :  וועלכער פעלד־מאַרשאַל?

צ װ י י ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר :  נו, געוויס ניט דעם

צאַר׳ס אַנקעל... ער איז שוין לאַנג אויס פעלד־מאַרשאַל... אז איך זאָג פעלד־מאַרשאַל מיין איך יענעם, יענעם... איהר קענט איהם ניט... אבער ער איז דער אמת׳ער...

ע ר ש ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר :  בערוהיגט זיך, הער קאַ־פיטאַן...

צ ו ו י י ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר :  איך בין זעהר רוהיג (שמייכעלט) אבער טאַקי דערפאַר ווייס איך ווער אונזער פעלד־מאַרשאַל איז...

ע ר ש ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר  (סטאַרענדיג צו בעהערשען זיך) : אנו. לאָמיר אויך וויסען ווער איז ער, ווי באַלד אז ניט אונזער גרויסער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש...

צ ו ו י י ט ע ר  אַ פ י צ י ע ר  (אויפגעלעבט, די אויגען פינקלען) : אַט איצט געפעלט איהר מיר... הערט־זשע מיך אויס... דאָס איז געוועזען א פּאָר וואָכען נאָכדעם ווי דער קריעג מיט׳ן שונא האָט אויסגעבראָכען... מיר זיינען נאָך געווען אַלע פול מיט מוטה און גלויבען אין א שנעלען און ערפאָלגרייכען זיעג... איך האָב דעמאָלט געפיהרט מיין ראָטע צו דעם וועג, צום דייטשען גרעניץ... קעגען אונז האָבען געוואַנדערט מחנות אידען... דאָס האָט אונזער בריגאַדנער זיי ארויסגעשיקט. מסתמא האָט ער אזוי פערשטאַנען... איך שטעל מיך נישט גע־גען די בעפעהלען פון א בריגאַדנעם... אונזערע סאָלדאַטען האָ־בען זיי אויסגעלאַכט... זיי זיינען ווירקליך געווען זעהר קאָ־מיש און לעכערליך ביים לויפען... זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס האָבען געפלאַטערט ווי פליעגלען פון שוואַרצע גרויסע דערשראָ־קענע פויגעל... נאָר ביסלעכווייז זיינען זיי פער־שוואונדען פון אונזערע אויגען... מיר זיינען געגאַנגען איבער פעלדער... פוסטע פעלדער... עס איז געווען הערבסט. און אַט האָט אונזער ראָטע בעגעגענט איין איינציגען אידען, א קליי־נער, א דערשראָקענער... ער איז געלאָפען קענטיג פאר שרעק, וואָס ער איז אָבגעשטאַנען פון זיינע ברידער און ער האָט זיי

געוואָלט אַניאָגען... אין האַנד האָט ער געהאַלטען א פּעקיל. איינער א סאָלדאַט האָט א געשריעה געטהאָן: שפּיאָן! מעהר האָט דער דאָזיגער ניט געברויכט. גלייך האָב איך א קאָמאַנדעווע געטהאָן: שיעסען. אין א רגע ארום איז שוין דער איד געלעגען אויסגעצויגען און ארום איהם א טייכעלע בלוט... איך זעה איצט פאר די אויגען דעם דאָזיגען געפאלענעם אידען, מיט דעם פערגליווערטען שרעק אין די אויגען... איך האָב מיך צוגעבויגען, גענומען דאָס פּעקעל און אָבגעבונדען... עס זיינען ארויסגעפאלען ביכער... מאָדנע ביכער.. גרויסע אותיות... אזוינע אלטע, געהיימניספולע.. איך האָב איבערגעלייענט די אונטערשריפטען אויף רוסיש אויף דער ערשטער זייט, ערשט דאָס זיינען געוועזן היילינע אלטע אידישע ביכער... די ביבעל... דער תלמוד... און נאָך אזעלכע פון זייערע אלטע ביכער... איך האָב נאָך אמאָל א קוק געטהאָן אויף דעם דערשאָסענעם און האָב גלייך בעמערקט, אז דער פערגליווערטער שרעק פון די אויגען איז פערשוואונדען. אנשטאט א שרעק האָט אין זיי גערוהט א שמייכעל... אבער עפּעס אזא מאָדנער... איך וועל ניט זאָגען א בייזער.. נאָר עפּעס א פאָרזאָגענדיגער, א דראָהענדער... „אלץ איז איצט פערלאָרען!“ האָב איך א טראַכט געטהאָן און זיך געלאָזט מיט מיין ראָטע ווייטער, מורא האָבענדיג זיך אומצוקוקען. מיר האָט זיך געדאכט, אז דער דאָזיגער איד, וואָס איז פאר אומזיסט און אומנישט דערשאָסען געוואָרען וועט מיך נאָכיאָגען... מיין שרעק איז אבער געוועזן אומזיסט... ער האָט מיך נישט נאָכגעיאָגט! אבער שפּעטער האָב איך איהם געזעהן שוועבען אלץ פאָראויס און פאָראויס...

מיר האָבען נאָכדעם געהאט איינינע כלומרשטע זיעגען. די מיליטער האָט געיובעלט... איך אָבער האָב געוואוסט, אז עס איז נאָר אויף א ווייל'ע... קיין נצחונות קענען מיר שוין ניט האָבען... ווייל דעם קריעג פיהרט אָן אָט יענער דער'הרג'עטע־ איד... ער געהט שטענדיג פאָראויס, ווי א פעלד־מארשאל און

זיין שמייכעל איז די קאָמאַנדע. ער גיט א שמייכעל און מיר פערלירען א פעסטונג, א צווייטען און מיר זיינען אין פּלען, א דריטען און מיר זיינען אלע אין א פאסטקע ביין שונא... יאָ, פריינד, אונזער פעלד־מארשאל איז יענער איד... מיר וועלען פערלאָרען געהן! דער טויטער פעלד־מארשאל איז מוטהיג און ענטשלאָסען.. .איך זעה איהם פאראוים אונזערע מחנות און ער יובעלט מיט זיינע נצחונות איבער אונז... וואָס קענסטו איצט טהאָן? נאָך אמאָל שיעסען איהם קענסטו ניט... אונבעזיעגבאר איז דער טויטער פעלד־מארשאל...

ע ר ש ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר (מיט בעדויערן): איהר זייט קראנק, הער קאפּיטאַן; כ'וועל אייך נעהמען אין שפּיטאַל...

צ ו ו י י ט ע ר  אָ פ י צ י ע ר (מיט פעראכטונג): איהר פערשטעהט עס ניט... און דאָס איז אייער אונגליק... איבריגענס קענט איהר מיך אוועקפיהרען אין משוגעים הויז, דאָרט איז איצט מיין פּלאַץ, אונזער אלעמענס פּלאַץ... (צולאכט זיך) אבער איצט ווייסט איהר שוין ווער דער פעלד־מארשאל איז... חאַ־חאַ־חאַ... אָט יענער קליינער דערשראָקענער איד... חי־חי־חי... דאָס האָב  א י ך  איהם געמאכט פאר א פעלד־מארשאל... ער איז א העלד, ער וועט זיעגען, זיעגען, זיעגען!... איצט, פריינד, פיהרט מיך! איך בין גרייט!...

# דער פּאָפּולערער מאַי.

(פון טהעאַטער לעבען).

הערדי קלינגער, דער שוישפּיעלער איז געזעסען אין דער קליינער בעקעריי אויף האוסטאָן סטריט און בעשטעלט א גלאָז קאַווע מיט קייק.

געקומען איז ער אהער עקסטרא, ווייל א גלאָז קאַווע רע־כענט מען דאָ דריי סענט און קיין טיפּ דאַרף מען דאָ ניט געבען. ביז היינטיגען טאָג איז דאָס פאַר איהם געווען א גרוי־סער קרן. קלינגער איז אפילו קיינמאָל ניט געוועזן קיין פער־שפּאָרער. פערקעהרט, ער האָט אַלע מאָל ליעב אַ הוליע צו טהאָן, ווי זיינע אויסגערעכענטע חברים דריקען זיך וועגען איהם אוים מיט איראָניע און פאָרוואורף. אָבער ביי יעצטיגער שווע־רער לאגע זיינער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך צוקריעגט מיט אַלע מענעדזשערס און איז אַ גאַנץ ווינטער ניט אנגאזשירט גע־ווען, האָט ער געמוזט אָנהויבען צו קאַרגען.

נאָכדעם ווי דער קעלנער האָט איהם צוגעטראָגען די קאַפּע און האָט ווי מיט א שמייכעלע איהם אָנגעקוקט, האָט קלינ־גער דערפיהלט, אז דאָס בלוט געהט איהם אין פנים אריין. ער האָט מורא געהאַט, אז דער קעלנער האָט איהם זיכער דערקענט.

ער האָט געזופּט די קאַווע און געטראַכט:

— צו אַלדי טייוועל! אַלע קענען מיך! איך בין זיכער, אַז דער דאָזיגער חאַם האָט מיך דערקענט! אוראי מיך גע־זעהען אין „מירעלע אפרת“.

ער האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און געזוכט פערגעסענ־הייט אין דער קאַפּע קאַווע, ווי אַ שכור אין דער גלעזעל משקה און ווידער געטראַכט:

— מען קען זיך פון די דאָזיגע „פּאַטריאָטען“ ניט אויס־בעהאַלטען. וואו דו זאָלסט ניט קומען, געפינט זיך איינער וואָס קען דיך און שמייכעלט צו דיר...

ער האָט זיך שוין געוואָלט אויפהויבען, בעצאָהלען און אַרויסגעהן, אָבער ווענדענדיג די אויגען אין אַ זייט ערגעץ האָט ער בעמערקט, ווי עס זיצט ביי אַ ווינקעל טישעל אַ מאַן, וואָס קוקט אויף איהם און דאַכט זיך, אַז ער גריסט איהם.

— אַ בעקענט פּנים! — האָט קלינגער אַ טראַכט גע־טהאָן.

נאָר איידער ער האָט צייט געהאַט צו דערמאָנען זיך ווער יענער איז, איז דער לעצטער אויפגעשטאַנען, זיך געלאָזט געהן מיט אַ ברייטען שמייכעל צו קלינגער'ס טישעל און צוגעהענ־דיג צו קלינגער'ען, האָט ער גוט־ברודעריש איהם אויסגעצוי־גען די האַנד:

—העללאָ, מר. קלינגער! ווי קומט איהר אַהער?...

קלינגער האָט איהם בעקוקט און זיך ענדליך דערמאָנט:

— מר. וואַשקינד! פון באָוערי מיוזיק האָל! ווי קומט אי ה ר אַהער?

— איך שפּיעל דאָ סקעטשעס אין אַ מואַווינג פּיקטשור פּלאַץ, האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט אַ קאַווע אויסטרינקען....

„אַז אַך און וועה איז צו מיר!“ — האָט קלינגער אינער־ליך געקרעכצט. — איך, דער ליעבלינג פון פּובליקום, און דער דאָזינער קאַליקע אין איין פּלאַץ...

ער האָט אָבער זיך מיעפער איינגעקוקט אין יענעמ'ס פנים און האָט בעמערקט אין זיינע אויגען טרויער און אונצופריעדענהייט און ער איז צו איהם גוט אויסגעלענט געוואָרען:

— איהר שפּיעלט שוין גאָר אין מואווינג־פּיקטשור פּלאַץ?

— וואָס זאָל מען טהאָן? — האָט וואשקינד מיט הכנעה געענטפערט, אז דער מיוזיק־האָלל אויף דער באוערי האָט זיך צוגעמאכט, האָב איך מיר פערפּאַסט אַ פּאָר סקעטשעס און פיהר זיי אויף מיט א „פּארטנער" אין מואווינג פּיקטשור פּלעצער...

— מאַכט איהר אַ לעבען? — האָט קלינגער מיט אנטהייל געפרעגט.

— גאָר נישקשה... דער עיקר אָבער, איך דארף מיך ניט בלאמירען. מיין נאָמען אויף די פּאָוסטערס פיגורירט ניט. הײנט וואָס געהט עס מיך אָן.

— דאָס איז וואויל! — האָט קלינגער געלויבט. — אַבי דאָס „פּאָלק" זאָל דיך ניט קענען.

און אַנקוקענדיג מיט פריינדשאפט וואשקינד'ן, האָט קלינגער זיך גענומען אויסצורעדען דאָס האַרץ.

— עס איז, ברודער, ניטאָ קיין ערגערע זאַך, ווי זיין פּאָפּולער, בעליעבט ביים פאָלק פאר א נאָש־בראָט. אָט נעהמט אַ ביישפּיעל פון מיר. דאָס פּובליקום קען מיך ווי אַ ביזען שילינגער, מיין נאָמען איז אַדוועורטייזט אין די צייטונגען. אייב קאהאַן אליין האָט שוין ווענען מיר געשריעבען, אפילו מיין פּיקטשור געגעבען אין „פאָרווערטס", היינט די קלענערע רעדאקציעס איז דאָך אָבגערעדט; דער רעדאקטאָר פון „אידישען גליק" האָט מיך פערגליכען צו שילדקרויט'ען... זיינט איהר אַ מבין?!... מיט איין וואָרט, מען האָט מיך אויפגעבלאָזען, געמאכט פאר אַ „סטאַר" און דאָס פּובליקום אליין האָט מיך אויך, — בעקלאָגען זיך קען איך מיך נישט, — געגוג אָבגעשעצט. איך פלעג קריגען די גרעסטע אפּלאָוזען. מען פלעגט ווערען היזעריג שרייענדיג: קלינגער! איך בין אַ ליעבלינג

איך האָב פּאַטריאָטען און פּאַטריאָטקעס... וואָלט דאָך אַן אַנדערער געוועזען גליקליך, צופריעדען, און וואָלט עס געהאַלטען פאַר אַ כבוד... מיך אָבער, ברודער, קוילעט דאָס אַוועק! עס מאַכט מיך אונגליקליך! ווייל מיין נאָמען שטימט ניט מיט מיין טאַש. איהר פערשטעהט? אַז מען איז פּאָפּולער, מוז מען זיין רייך. ווען ניט, פּאַסט זיך דאָס ניט און מען ווערט אַלע ווייל פערשעהמט. נאָך מיין מיינונג מוז אַ פּאָפּולערער מענש האָבען אַן אייגענע ווילע ערגעץ ווייט הינטער'ן שטאָדט און ווייזען זיך פאַר'ן עולם מוז ער בלויז ווען ער שפּיעלט. אָבגעשפּיעלט — זעץ זיך אַריין אין אויטאָמאָביל און פאָהר אַוועק צוריק אין דיין ווילע. ווילסטו אַ ביסעל פערברענגען, לאָז זיך אַוועק צו מאַרטענס. דאָרטען איז דיין פּלאַץ. צווישען גרויסע קינסטלער, צווישען גרויסע שריפטשטעלער... נאָר ניט ווייזן זיך צו־פוס אויף'ן סטריט. עס שאַדט ניט אַמאָל דורכצושפּאַצירען זיך צו־פוס אויך. פערקעהרט, אַמאָל פּאַסט עס גאָר צום געשעפט: געהסט זיך לאַנגזאַם, אָנגעטהאָן אין אַ צילינדער, אַ סמאָקינג, ווינטער אין אַ פוטער, געאָרעמט מיט אַ שעהנע ליידי, איבער סעקאָנד עווענין, צי אַפילו איבער גרענד סטריט און דאָס פאָלק בעוואונדערט דיך: אָט דאָס געהט קלינגער מיט זיין געליעבטע. מיט אַ ווייב פּאַסט ניט פאַר אַ קינסטלער. קינסטלער שפּאַצירען מיט געליעבטע...

אָבער שטעל זיך פאָר, ברודער־לעבען, אַז אַזאַ מאַן ווי איך איז ניט קיין ביזנעס־מאַן. לעבען לעב איך בלויז פאַר דער קונסט, האָב זיך מיינע קאַפּריזען, וויל אויפטרעטען דוקא אין גאַרדין'ס, אַש'ס און פּינסקי'ס שטיק, וויל זיך צום ניעדריגען געשמאַק פון פאָלק ניט אַרונטערלאָזען, מיט די מענעדזשערס קיין קאָנטראַקטען שרייב איך ניט. ערשטענס, ברעכען זיי איהם, אויב זיי לוינט זיך, סיי ווי סיי; צווייטענס, האַלט איך, אַז אַ קינסטלער טאָר זיך ניט קאָנטראַקטירען. דאָס איז אַ בעליידיגונג! וואָס זשע קומט אַרויס, ברודער!... לאַכען זיי מיך טאַקע,

אַלע אויס, אפילו די קאָלעגען... אַלע אנערקענען, אז איך בין א גרויסער טאַלאנט, א גרויסער טראַגיקער. כאָטש אין קאָמישע ראָלען „ביט" איך זיי אויך... און אז עס קומט צו אנגאַזשירען אויפ'ן סיזאָן, פערגעהמט ענדליך מיין פּלאַץ א קאַליקע...

מיינט איהר, אז דאָס פאָלק מאַהנט מיך ביים מענערזשער? חס וחלילה! אין גיכען ווערט דער קאַליקע נאָך בעריהמטער ווי איך. מען שטעלט ארויס אויפ'ן פּאָסטער זיין פּיקטשור אביסעלע גרעסער און ער איז שוין דער ליעבלינג... וואָלט איך צופריעדען געווען. געהט עס אין דר'ערד די פּאָפּולאַריטעט מיט'ן נאָמען! פערקעהרט, איך וויל מען זאָל מיך אין גאנצען פערגעסען. אויס קלינגער! קלינגער דער שוישפּיעלער איז געשטאָרבען. עס וויל לעבען קלינגער דער געוועהנליכער מענש. און אלס א געוועהנליכער מענש קען איך געהן אין א שאַפּ ווי אַלע מיינע אַדעסער לאַנדסלייט און אַרבייטען ביי קלאָוקס. עס איז ניט שווער זיך אויסצולערנען..

איהר ווילט הערען אַ וויץ, וועל איך אייך דערצעהלען. איך בין שוין טאַקע געווען אין א שאַפּ. געשטעלט זיך אין דער רייהע מיט אַלע ארבייטער און געוואַרט. מיינט איהר, האָט מען מיך דאָרטען ניט דערקענט?

— וואָס טהוט איהר דאָ, מר. קלינגער? — האָט איינער אַ דאַרער בחורע'ל אויסגערופען הויך. אַלע וואַרטענדע אַרבייטער האָבען זיך אומגעקוקט און דער גרעסטער טייל פון זיי און איך האָב מיך פערשעהמט ווי א גנב און געמוזט אַבטראָגען זיך. וואָס מיינט איהר האָבען זיי געמיינט? אז איך וויל שטודירען דאָס לעבען, נאָכמאַכען די מינעס פון די אַרבייטער... איהר פערשטעהט, וואָס פאַר א אידיאָטען דאָס זיינען?...

שלעכט! זאָג איך אייך! אזוי איז מיט אַלץ. אנגאַזשירט בין איך ניט, פערדיענען פערדיען איך ניט קיין פּעני, טראַכט

איך מיר, איך וועל מופען ערגעץ אין אן ארימער וואוינונג, אין א פאמיליען־הויז, איך בין איינער אליין, וועל מיך בעהאלטען פון דער וועלט, און אויס קלינגער. איז ניט געפידעלט! ווי באלד אז די קונסט האבען פערכאפט די מענעדזשערס, איז אויס קונסט.

לאז איך מיך אין אן ארימע סטריט ערגעץ אין א פער־ווארפענעם ווינקעל זוכען א בעד־רום פאר א פאר דאלאר א חודש, ווי אין אמאליגע יאהרען, ווען איך בין נאר וואס אהער געקומען. איז אבער, ברודער, לא מיט אן אלף. וואו איך געה אריין, אלץ מיינע פערעהרער, ליעבהאבער און בעוואונדערער: אך, מר. קלינגער! וואוהין האט איהר פערבלאנדזשעט...

און די מיסעס בעגלייט מיך פון די צובראכענע טרעפ און איך מוז אויסטראכטען א משוגענ׳עם תירוץ: ווי אזוי קום איך אהער . . .

און וואס איז מכח רעסטאראנטס? איז דען ניט די זעלבע זאך. אט בין איך אריין אהער, אין אן ארימע בעקעריי... אין טאש האב איך עטליכע סענט, דאכט זיך דרייצעהן... נו, האב איך גערעכענט, קאפע דריי, געבעקס פינף, — איז אכט, בלייבט מיר נאך פינף סענט אויף א פעקעל מעקקאס. ווייזט זיך ארויס, אז דער קעלנער איז א פערעהרער מיינער; איהר זעהט, ווי ער קוקט אויף מיר... ער האט מיך אודאי געזעהן אין „חאשע די יתומה" און אפשר אין גאלדפאדען׳ס „בן עמי", נו, מיינט איהר, וועט ער ניט קריגען דעם ניקעל א „טיפ"...

נאר דא האט דער שוישפיעלער פון די סקעטשעס מר. וואשקינד איהם איבערגעריסען און זיך אבגערופען:

— נו, מר. קלינגער, וואס אנבעטרעפט דעם ביל דא אין רעסטאראנט, וועל איך בעצאהלען... אויך דעם „טיפ" נעהם איך אויף זיך...

דער פאפולערער און בעליעבטער שוישפיעלער קלינגער האט זיך געדונגען אביסעל וועגען דעם, אבער ענדליך האט ער

אויסגעפיהרט. עס הייסט, ער אליין האט בעצאהלט זיין אייגענעם ביל און איז ארויס פון דער קליינער בעקעריי אהן איין סענט.

דערפאר אבער האט ער זיך געפיהלט ערלייכטערט, נאכדעם ווי ער האט זיך אביסעל אויסגערעדט דאס הארץ..

# דער פּאַטער.

..איהר פרעגט וואו איז מיין עלטערער באַי, בעני... א דאַנק פאַר׳ן פרעגען. כאַטש, אז איהר דערמאַנט מיר איהם, צו־געהט מיר דאָס הארץ. שטעלט זיך פאַר אז מיין בעני יאָגט זיך נאָך ווילא׳ן...

װעלכער ווילא? — פרעגט איהר — וואָס? — איהר לייענט גאַר ניט די פּייפּערס? א חדוש! איך מיין ווילא פון מעקסיקא, וואָס אמעריקא מוז איהם „כאַפּען טויט אדער לע־בעדיג“...

אַט נאָך דעם דאָזיגען ווילא יאָגט זיך דאָס איצט נאָך מיין בעני זאָל לעבען...

איהר וואונדערט זיך ווי אזוי קומט מיין בעני צו מעקסי־קאַ. מיט צוויי יאָהר צוריק, געדענקט איהר דאָך האָט ער גע־אַרבייט אין ניו־יאָרק, אָדער אמאָל ארומגעגאַנגען לעדיג, עס האָט זיך געווענדט נאָך דער צייט. איז איהם טאַקע נמאס געוואָ־רען ביידע זאכען, אי ארבייטען, אי ארומגעהן לעדיג, וואָרים פון ביידע זאכען לעבט מען אין אמעריקא קיין האָניג ניט. ארביי־טען אין א שאָפּ איז פאַר איהם געווען צו שווער, ניט חלילה ווייל ער האָט קיין כח ניט געהאַט — דאָס דוקא ניט, וואָס דען? ער פלעגט ניט קענען פערטראָגען די ווענט פון שאָפּ — אזוי פלעגט ער טענה׳ן.

ארומגעהן לעדיג, פלעג איך צו איהם האָבען טענות: זיצט א בחור אויפ'ן טאַטענ'ס קאָרק און גאָר ניט.

איז ער זיך אין א שעהנעם פריהמאָרגען מישב און גיעט זיך אָן פאר א סאָלדאט אין דער אמעריקאנישער ארמעע...

אָט דאָס איז טאַקע אמעריקאַ! וואָלט איהר ווען גע־גלויבט, אז ביי אונז, איך מיין דאָרטען אין דער פינסטערער מדינה, זאָל א בחור זיך אליין אָנגעבען. יעדער דאנקט דאָר־טען גאָט, אז ער האָט א פעהלער, אז עס פייפט איהם אן אויער אָדער גאָט האָט איהם געבענשט מיט צוצווינגענע אָדערען אויף א פוס, אָדער עס פעהלען איהם א טוץ אָנדערטהאלבען צייהן, צי נאָך אזוינע גליקליכע פעהלערען, וואָס פאָניע האָט פאר זיי גרוים דרך ארץ... מיין בעני גאָט צו דאנקען האָט די דאָזינע פעהלערען ניט געהאַט, אויסער דעם איינציגען פעהלער פון פייפען... אָבער ניט דער אויער האָט חלילה געפייפט, נאָר דאָס מויל. אז ער פלעגט געבען א פייף, פלעג איך מיינען, אז אלע שדים פון די מדבריות וועלען זיך צונויפלויפען, ווערליג מען גלויבט ביי אונז אין דער היים...

הייסט עס, האָט ער זיך אָנגעגעבען אין דער היגער אר־מעע. איז אָבער ניט ווי מען רעדט אזוי גיך טהוט זיך דאָס. אזוי ווי דאָרטען אין דער פינסטערער מדינה איז שווער צו בעפרייען זיך פון דיענסט, אזוי איז דאָ, אין דער ליכטיגער מדינה שווער אָנצוקומען. דאָס הייסט נעהמען, נעהמען זיי צו, נאָר וואָס דען? מען דאַרף האָבען, אז דער טאַטע זאָל אונטערשרייבען אזא מין פאַפּיער...

קומט ער אמאָל, בעני מיינער, רוקט מיר אונטער א פּאַ־פּיער אויף ענגליש און דערצעהלט מיר א מעשה, אז באשר בכן, ארבייטען אין שאַפּ האָט ער פיינט, און אומגעהן לעדיג וויל א י ך ניט ליידען, האָט ער בעשלאָסען צו געהן אין דער ארמעע און אז גאָט וועט העלפען ער וועט זיך אויסדיענען קען ער זיך דערדיענען צו א פּאָליסמאַן אויף א פערד.

— ווי אַזוי אויף אַ פערד, פאַר וואָס ניט אַ פוס־פּאָליסמאַן, וואָס גיט אַכטונג אויף דער אָרדנונג, שטעהענדיג מיט ביידע פיס אויף דער ערד? פרעג איך איהם.

ערקלעהרט מיר מיין בעני, אַז ער האָט לאַנגע פיס און ווי באַלד ער האָט לאַנגע פיס, וועט ער געהן אין דער קאַוואַלעריע... דערפאַר„ אַז ער וועט זיך אויסדיענען קומט איהם צו ווערען אַ פערד־פּאָליסמאַן... דאָס הייסט, ער וועט דאַרפען אַכטונג געבען אויף דער אָרדנונג פון דער הויך...

איז מיר דער עניין יאָ געפעלען און ניט געפעלען. ניט גע־פעלען איז ער מיר, וואָס מיין בעני, וועלכער וואָלט אין רוס־לאַנד געהאַט אַ צווייטע להאַטע, ווערליג ער איז עלטער פאַר'ן קלענערען בנ'אָק מיינעם מיט אַ יאָהר זיבען און וואָלט אין אַ „גוטען יאָהר" אודאי דאַרטען בעפרייט געוואָרען מיט איין הונדערטער, זאָל ער דוקא דאָ, אין דער פרייער מדינה ווערען אַ סאָלדאַט! אמת, ער גיעט זיך אַליין אָן, מיט'ן גוטען ווילען... צווינגען צווינגט מען איהם ניט... פונדעסטוועגען ווילט זיך עפּעס ניט לאָזען. פון דער צווייטער זייט אָבער ווילט זיך האָ־בען אַ זוהן אַ פּאָליסמאַן און נאָך אויף אַ פערד. וואָרים ווי־באַלד אויף אַ פערד וועט ער זיך ניט געפינען ערגעץ אין אַ העסטער סטריט, נאָר טאַקע אויף פינפטע עוועניו, וואו די אוי־טאָמאָבילען לויפען און וואו אַלע מיליאָנערען שפּאַציערען ארום!...

מילא, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען, איך האָב מיך מישב געווען מיט מענשען, נאָכגעפרעגט ביי מיין סאָסייעטי־לאָיער, וואָס פאַר אַ „פּראָוועס" קען איך אַליין קריגען, אויב מיין זוהן ווערט אַ סאָלדאַט. ערקלעהרט מיר דער לאָיער, אַז ערש־טענס וועט איך דערמיט אַ שטיקעל „סיטיזען". ס'הייסט אויב איך פאָהר אמאָל צוריק אין איירָאָפּאַ און קום ווידער אהער, — מוז מען מיך אריינלאָזען.. צוריק שיקען טאָר מען מיך שוין

ניט. טאָמער וויל איך עפּענען אַ סאַלון בין איך שוין אויך ביל־בער צו קריגען לייסענס איידער אַן אַנדערער; דאָס הייסט שוין, אַז איך האָב אַ צד אין דער משפּחה... איהר פערשטעהט אַ קוק?...

מילא, איך האָב מיך געוויעגט אהער און אהין און האָב דאָס פּאַפּיער „געסיינט"; עס הייסט, איך בין מרוצה, אַז מיין זוהן, מיין בעני, זאָל ברענגען אַ נוין די יונייטעד סטייטס אָף אַמעריקא... דערהויפּט האָט מיך געגומען דאָס, וואָס איך ווער דערמיט אַ שטיקעל סיטיזען, וויל ווערען אַ גאַנצער סיטיזען איז פאַר מיר אַן אונמעגליכע זאַך. אין לאַנד בין איך שוין אפילו אַ יאָהר פופצעהן און האָב שוין געקענט ווערען דריי מאָל אַ סיטיזען, ווען ניט מיין פערדרעהטער קאָפּ... ווענעמענס קאָפּ איז אויסצולערנען זיך די אַלע זיעבען זאַכען, וואָס מען דאַרף דערצו קענען! טאָמער האָב איך איין פרייען טאָג אין דער וואָך — אַמאָל שבת און אַמאָל זונטאָג, עס ווענדט זיך אין וואָס פאַר אַ שאָפּ מען אַרבייט, זאָל איך מיך גאָר געהן פערדרעהען דעם קאָפּ מיט נייע חכמות, ווי אַזוי האָט געהייסען דער און יענער פּרע־זידענט.

נאַטירליך, ווען איך זאָל וויסען, אַז מען וועט איהם גאָר „נאַזנאַטשען" אַזש אין דער דרימער אַמעריקא און פון דאָרטען איז איין שפּרונג קיין מעקסיקאָ און ווילא וועט זיך צובונטע־ווען און וועט זיך פערטשעפּען מיט אַמעריקא! — אויף אַזוינס האָב איך זיך ניט געריכט! געה זיי אַ חכם און רעכען אויס אַזוינע מינים זאַכען. סך־הכל האָב איך דעמאָלט גאָר ניט גע־וואוסט, אַז מעקסיקאָ איז אַ בעזונדער לאַנד און עס געהערט ניט צו אונזער אַמעריקא.

איצט אָבער איז ניט גאָר פרעהליך. איך בין זיכער אַז מיין בעני איז דאָרטען אין מעקסיקאָ און יאָגט זיך נאָך נאָך ווי־לא'ן, ווייל קיין בריעף האָב איך פון איהם שוין לאַנג ניט בע־קומען... אַזוי פּלעגט ער מיר שרייבען אַלע וואָך און פּלעגט

נאָך אַמאָל שיקען אַביסעל געלט פון זיינע ווײדזשעס. ער נעהמט דאַרטען גאַנץ שעהנע ווײדזשעס: פופצעהן דאָלאר א חודש מיט עסען און טרינקען און אויף אַלעם פערטיגען. א דזשאב איז דאָס ניט קיין שלעכטער, ווען עס זאָל זיך ניט אונ־טעררוקען ווילא...

נאָר איינס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז אויב ווילא וועט זיך לאָזען כאַפּען, וועט איהם כאַפּען מיין בעני. ער איז א באָי א מזיק! איך וואָלט בלויז געוואָלט ער זאָל איהם כאַפּען א לע־בעדיגען, ווייל צו וואָס פערגיסען מענשליכע בלוט? איך בין א גרויסער געגנער פון אַלערליי געשלעגען און מלחמות. איך פרעג אייך, צי וואָס דאַרף מען דאָס און וואָס איז דאָס פאַר א וועלטעלע געוואָרען, אַז אפילו אַמעריקא האָט זיך אויך ניט געקענט אויסדרעהען נאָר איננאַנצען פון עפּעס, איז ניט קיין מלחמה, איז כאָטש א נאָכיאָגעניש...

און ווער דאַרף העלפען כאַפּען איהם, ווילא'ן הייסט עס, טאַקע מיין בעני, וואָס איז אין גאַנצען א יאָהר צעהן אין לאַנד! איך זאָג ניט, אַז מען האָט איהם גענויט דערצו, אָבער ווער זיים, ווען ער וואָלט געהאַט סטעדי אַרבייט און די אַרבייט וואָלט ניט געוועזען אַזוי שווער וואָלט איהם אפשר גאָר ניט געצויגען אין דער אַרמעע און איך וואָלט געקענט שלאָפען רו־היג ביי נאַכט... אַזוי אָבער זעה איך נאָר פאַר די אויגען ווי אַזוי מיין בעני יאָגט איהם נאָך, ווילא'ן הייסט עס, און יענער איז קיין נאָר ניט און אַנטלויפט... און בעני יאָגט איהם ווי־דער! ער מוז איהם, הייסט עס, כאַפּען.

אָט בין איך דאָ ניט לאַנג געוועזען אין די „מואוויס" האָט מען דאַרטען געוויזען א פּיקטשור פון מעקסיקאָ ווי אַזוי אונ־זערע געוועלטיגען דאַרטען... לייט זיצען און קוועלען, האָבען הנאה און פּאַטשען בראַוואָ... אפשר וואָלט איך אויך געוועזען אַזאַ פּאַטריאָט ווי זיי, ווען מיין בעני וואָלט דאַרטען ניט געוועזען קיין פחות... מיר אָבער האָבען זיך די הענט ניט געהויבען צוה

פּאַטשען.. איך האָב מיט זיי געמוזט ווישען די אויגען... מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איינער אויף אַ פערד זעהט אויס פּונקט ווי מיין בעני, ער האָט געקוקט אויף מיר אַזוי טרויעריג, ער האָט שוין קענטיג חרטה אויף דער גאַנצער מעשה... איך האָב מיך געוואָלט נאָך אַמאָל איינקוקען, האָט מען שוין די פּיקטשור אַוועקגענומען, באַלד האָט מען שוין געוויזען אַ שיף מיט אַ גרויסען האַרמאַט... דער עולם איז גאָר נתפּעל געוואָרען... דער־זעהען זיי איצט אַ שיף מיט אַ האַרמאַט ווערען זיי ווי משוגע! אַ שמחה אויף זיי. דער פעטער סעם האָט אַ האַרמאַט... נישקשה, ווען זייערע זיהן וועלען דאַרפען געהן אין מלחמה וועלען זיי זיך ניט אַזוי שטאַרק פרעהען מיט'ן האַרמאַט...

# דער פאסאזשיר.

(דערצעהלט פון אַ גאַליציאנער פליכטלינג).

...ווי אזוי בין איך אנטלאָפען, פרעגט איהר מיך, אידען? אַ קשיא איז דאָס א גרויסע, אָבער אז מען האָט אמונה וועט דער אויבערשטער שטענדיג קומען צו הילף...

אנטלאָפען בין איך טאַקע אין דער לעצטער מינוט. אָנ־פאַנגס האָב איך ניט געוואָלט לויפען... עפּעס האָב איך גע־האַלטען עס פאר א זינד: לאָזען די אָרעמע אידען, וואָס קע־נען ניט לויפען און אליין ראטעווען זיך, איז ניט שעהן פאר גאָט... אין א צרה דארף מען זיין אלע אין איינעם.... אין אַן אונגליק דארף מען די ברידער ניט פערלאָזען. און אז גאָט וויל וועט ער אויסהיטען פון ערגסטען שונא, אפילו פון די קאָזאַ־קען... נאטירליך, די טעכטער און דאָס ווייב האָב איך גלייך, ווי נאָר מען האָט געהערט, אז דער רוס „נעהמט", אוועקגע־שיקט קיין וויען. „אין סומכין על הנס!"... אָבער מיין אייגענער נפש איז ניט אזוי וואזשנע... אז עס איז בעשערט צו לעבען וועט מען לעבען בלייבען אפילו ביים רוס..

אָבער אז דער רוס איז אריין אין שטעדטעל איז טאַקע געוואָרען שטארק שלעכט. ווי דער שטייגער איז — א בעל נצחון! — דאָס קומט איהם און יענעם קומט איהם, און ווע־נען „ניטאָ" איז גאָר קיין רעד ניט. מילא, דו ווילסט א זייגע־

ריל — נאָ! איך קען מיך אין מלחמה־צייט בעגעהן אָהן א זייגעריל, אָבער וואו זאָל איך דיר געהמען מיידלעך!... האָב איך זיך אזוי געמוטשעט מיט זיי א וואָך צייט, אָנגענומען אלע נגישות פאר ליעב און געדאנקט גאָט פאר'ן שטיקעל לעבען, וואָס זיי נעהמען ניט אוועק.

שפּעטער איז אָבער געוואָרען ערגער. א סך אידען פון די איבערגעבליבענע האָט מען ארעסטירט, עטליכע געשאָסען, די איבעריגע אין רוסלאנד אוועקגעשיקט. איך זעה, אז איך בלייב באלד איינער אליין צווישען אזא עם־רע... בין איך מיך מישב: איך וועל שוין אנטלויפען; ווי באלד אז איך בין כמעט אליין גע־בליבען — איז דאָך שוין טאקע א יושר צו אנטלויפען! איז אבער די קשיא: ווי אזוי? די וואָך הינטער'ן שטעדטעל איז שטרענג. „אין יוצא ואין בא!". געוואוסט האָב איך אָבער, אז ווען מען זאָל קריגען פון קאָמענדאנט א פּאַסאַזשיר־שיין, לאָזט די וואָך דורך. היינט ווי אזוי־זשע קומט מען צו צו איהם? און אז מען וועט שוין צוקומען, וועט ער דען געבען?

און פּלוצים פאלט מיר איין, איך וועל לויפען גאָר אָהן א פּאַסאַזשיר־שיין. כ'וועל פּרובען מזל! נעהמען וועל איך גאָר־נישט מיט. אפילו דעם טלית און תפילין ניט. איך וועל קומען צווישען אידען. וועל איך שוין קריגען א טלית און תפילין. אי א שמירה אין וועג, איז גענוג דער טלית־קטן, וואָס איך טראָג.

און איך וויל מיך שוין מכין זיין אין וועג. ס'הייסט קושען די מזוזות, פערשליסען דאָס הויז און געהן.

ווי איך נעהם אזוי קושען די מזוזות, ניט מיר גאָט ברוך הוא א מחשבה אריין אין קאָפּ: אריה ליב, נעהם מיט א מזוזה...

אי וואָס? זיי וועלען דיך דאָרט רעווידירען און וועלען מיי־נען, אז עס איז אזא מין טעלעפאָן, טאָ נעהם בלויז דאָס שטי־קעל פּארמעט אליין; די שייד אין וואָס די מזוזה ליעגט, געהם נישט! א שטיקעל פּארמעט וועלען זיי ניט בעמערקען.

און איך רייס אַראָב די מזוזה, נעהם זי אַרוים פון איהר „שייד", לייען זי דורך צי זי איז, חלילה, ניט פּסול. גאָט צו דאנקען — אַלץ איז כשר. פעהלט קיין אות! דער „שדי" בלאַנקט! איך גיב אַ קוש דעם סאַמע „שדי" און איך דערשפּיר, אַז איך קריג אַזאַ מין כח, אַז איך קען בייקומען דעם שטאַרקס־טען שונא!

און מיט גרויס בטחון אין דעם „שדי" לאָז איך מיך אין וועג, אָהן קיין שום שרעק, אָהן קיין שום פּחד.

איך קום הינטער'ן שטעדטעל און דערזעהר די וואַך. ווער איך אויך ניט אַראָבגעפאַלען! איך טאַפּ בלויז אָן אין טאַש די מזוזה... זי איז דאָ!

און איך געה מיט פעסטע, זיכערע טריט אנטקעגען דער וואַך.

אַ פּאָר סאַלדאַטען, אַ'פּנים עלטסטע, קוקען מיך אָן, וואונ־דערען זיך אַ'פּנים, וואָס איך געה אַזוי „האַפּערדיג", אָבער זיי לאָזען מיך געהן. אַז איך קום אָבער צו נאָהענט צו זיי, שטעלט מיך איינער אָב און גיט מיך אַ פרעג:

— און אַ פּאַסאַזשיר־שיין פון קאָמענדאַנט האָסטו?...

דאָ האָב איך מיך שוין אביסעל דערשראָקען... איך וויל ניט לייקענען.. אָבער די שרעק האָט געדויערט בלויז אַ האַל־בע רגע... גלייך ווי אימעצער וואָלט מיר מיט גוואַלד די האַנד אין טאַש אריינגעלעגט, נעהם איך אַרויס די מזוזה און דערלאַנג דעם סאַלדאַט... און בלייב שטעהן ווי ניט מיך מיינט מען.

— פון וועמען איז דאָס? — פרעגט ער מיך און בע־טראַכט דעם פּאַרמעט. לעזען אַ'פּנים קען ער ניט אפילו זיין אייגענעם לשון, ווי דער שטייגער איז פון אַ רוס.

איך טראַכט ניט קיין סך און ענטפער:

— פון אמת'ן קאָמענדאַנט... סאַמאַהאָ קאָמענדאַנטאַ!...

ער גיט איבער דעם צווייטען סאַלדאַט, ווי ער וואָלט זיך אַ עצה געהאַלטען. יענער נעהמט דעם פּאַרמעט, קוקט דערין

אריין מיט ישוב הדעת און רופט זיך אָן צום ערשטען:

— זעהסט דאָך, אז עס איז א וואזשנער דאָקומענט, אויף פּאַרמעט... לאָז איהם דורך...

און דער ערשטער גיט מיר א קלאַפּ אין פּלייטשע גאַר פריינדליך און רופט זיך אָן:

— סטופּאי איז באָגאַם. לשונו ממש: געה מיט גאָט...

און גיט מיר צוריק אָב מיט רעספּעקט דעם „פּאַסאַזשיר־שיין".

אָבגעהענדיג עטליכע איילען פון דער וואַך האָב איך די מזוזה א קוש געטהאָן, אריינגעלעגט טיעף אין בוזעם־קעשענע, געהויבען די אויגען צום הימעל און געדאַנקט דעם אמת'ן „קאָמענדאַנט" פאַר זיין אייביגען „פּאַסאַזשיר־שיין"...

ווי איהר זעהט מיך א אידען!...

# דער משפט.

(מאָנאָלאָג פון אַ יוניאָן־מאַן)

..איהר ווילט טאקע וויסען די מעשה פון אנהויב ביז'ן סוף? גאַנץ פיין — איך וועל אייך דערצעהלען. מיר אַרט טאַקע נישט, אז איהר וועט עס בעשרייבען. זאָל טאקע די וועלט וויסען! איך שעם מיך נישט! זאָלען זיי זיך שעמען! זיי, וואָס האָבען מיך גע'משפט!

אז איך נאָך געווען אין דערהיים אין מיין שטעדטעל, האָב איך פאַר אַ משפט מורא געהאט, ווי פאַר פייער! ומשפטים בל ידעום, הללויה — פלעג איך זאָגען מיט דער גרעסטער כונה! און גאָט צו דאנקען — איך האָב קיינמאָל אויף זיך קיין משפט נישט געהאט. ניין! איך וויל קיין ליגען נישט זאָגען. איינמאָל, בשעת עס איז געווען די חאָלערא, נישט דאָ געדאכט, און מען האָט גענומען אכטונג געבען אויף „טשיסטאָטא", און דער אור־ריאדניק האָט געמאכט אַ פּראָטאָקאָל פאַר אביסעל מיסט, וואָס איך האָב אויסגעשאָטען ביי דער טהיר, האָב איך געזאָלט האָבען אַ משפט. נאָר איך האָב מיך געלאָזט קאָסטען אַ האלב קערבעל, און דער משפט איז „צוריבען געוואָרען"..

האָב איך דאָך געמיינט, אז אין אמעריקא בין איך אודאי פריי פון משפטים! דאָס לאנד איז אַ פרייע, קיין בלבולים מאכט מען דאָ נישט, אויף ריינקייט גיעט מען אין אונזערע סטריי־

מען נישט אזוי שטארק אכטונג, קיין נאָלאָגנען צאָהלען דאַרף מען דאָ נישט, קיין פּאַספּאָרטען אויך נישט — א פריייע וועלט, טהו וואָס דו ווילסט. ווייזט זיך ארויס, אז דוקא דאָ, אין דעם פריייען לאַנד האָב איך געהאט א משפט, וואָס מען זאָל בעהיט ווערען. ממון און דמים האָט עס מיך געקאָסט!

און מיינט איהר, ווער האָט מיך געמשפּט? גויים? יענקים? אמעריקאנער? חלילה וחס!

אידען האָבען מיך גע׳משפּט, מיינע ברידער!

אַט הערט א מעשה!

אין דערהיים, אין מיין שטעדטעל, בין איך געוועזען אַן ארעמער שניידער, געניהט, וואָס עס האָט זיך געמאכט: א ווייבערשע קליידעל, איז רעכט א ווייבערשע קליידעל; א פּויערשע קאפּטאַן, איז אויך גוט. קיין ספּעציאַליסט בין איך נישט געוועזען. אָבער דאָ געהט עס נישט. דאָ האָט יעדער זיין פאַך. אזוי ווי א האַנד האָב איך אַ גיכע, איז פאר מיר בעסער געוועזען צו ארבייטען ביי „קלאָוק“, עס הייסט ביי ווייבערשע מאַנטלען, און בין פון דער ערשטער מינוט, וואָס איך בין דאָ אין אמעריקא, א „קלאָוק־מייקער“.

מילא, איידער עס איז געוועזען דער גרויסער סטרייק, איז דאָך נישט שייך צו זאָגען — איז געוועזען אמת׳ע פרייהייט, טאַקי וואָס פרייהייט הייסט: ווילסט ארבייטען פון שטיק, ארבייט פון שטיק, ווילסט ארבייטען פער וואָך, ארבייט פער וואָך, ווילסט ארבייטען ביז דריי פאַרטאָג, ארבייט געזונדטערהייט! קיינער האָט דיר נישט געזאָגט קיין דעה! און עס זיינען געוועזען צייטען, ווען איך האָב פיין פערדיענט, קרוב צו פיערציג דאָלאַר. איהר זעגט א מבין?!... אמת, איך האָב שווער געארבייט, געוועזען נעכט, וואָס איך האָב געשלאָפען נאָר צוויי־דריי שעה און דוקא אין שאָפּ: צוגעשפּארט זיך אויף א פּאַק ווייבערשע מאַנטלען אין די קליידער, אין א פּאָר שעה ארום אויפגעשטאַנען, און צוריק צו דער ארבייט.. נו, וואָס

איז? ווען מען גיהט עס אן. אז כח, גאט צו דאנקען, איז דא, און אויף שלאפען איז געגוג שבת (זונטאג ארבייט איך נישט עד היום!). קיין תהלים אין שוהל געהן זאגען דארף מען נישט... עס הייסט, מען וואלט אפשר יא געדארפט, נאר מען געהט נישט!...

האט מען זיך ארומגעזעהן, אז עפעס איז די זאך נישט גלאט: איינער פערדיענט פיערציג דאלאר א וואך און צוואנציג געהן אום ליידיג...

איהר הערט א מעשה! אלע מאל איז דאך אזוי: ווער עס איז א בריה, האט א גיכע האנד און פוילט זיך ניט, דער פער־דיענט! אי די, וואס געהען אום לעדיג? איז טאקע א רחמנות! איז וואס זשע קען איך העלפען? איך פרעג אייך! און אויף מיר איז דען נישט קיין רחמנות? — גלויבט מיר, אז פיערציג דאלאר א וואך איז פאר מיר געווען ניט קיין סך. איהר דארפט וויסען, אז איך האב אראבגעבראכט אהער דאס ווייב מיט די פיער קינדער און דא זיינען געבארען געווארען נאך דריי, זאָ־לען געזונד זיין... און טאמער ליעגט אין די בענק א פאר דאלאר, מוז מען דאך זעהן פערזארגען אויף שפעטער.

מילא, איז אויסגערופען געווארען א סטרייק...

רעכען איך מיר אויס, אז א סטרייק איז טאקע א גאנץ וויכטיגע זאך. ארבייטער דארפען טאקע זייער לאגע פערבע־סערען. עס איז נישט קיין עולה... אבער איך בין דאך א טאטע פון קינדער און ביי מיין באס" ארבייט איך שוין עטליכע יאהר און קיין טענות צו איהם האב איך באמת נישט, ער האט מיר בעהאנדעלט אויפ'ן שעהנסטען אופן. ער איז טאקע מיי־נער א לאנדסמאן... זאלען זיי טאקע סטרייקען און איך וועל מיר שטילינקערהייד, פאוואלי ארבייטען..

ווייזט זיך ארויס, אז דא אין לאנד איז דאס איינס פון די גרעסטע פערברעכענס. עס הייסט, נישט ביי דער מלוכה, די

מלוכה האלט דוקא פון אזעלכע, נאָר ביי די ארביימער הייסט עס א „סקעב"... און א „סקעב" איז אזוי ווי אין חרם...

מילא, וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען א סך: איך האָב אויך געוואָרפען מיין ארבייט. עס איז מיר אפילו געווען שווער מעיז פנים זיין דעם באָס". ער האָט אויף מיר א קוק געטהאָן, זאָג איך אייך, האָט מיר געשטאָכען אין הארצען: דו ארבייטסט ביי מענשען פינף יאָהר, און ער צאָהלט דיר אלע וואָך „קעש", מזומן, און האסט צו איהם גאָרנישט. מיט אמאָל, געה און ווער ברוגז און זאָג: ניין! איך ארבייט נישט.

נאָר פערפאלען. אז די יוניאָן הייסט, מוז מען פאָלגען!

עס איז, זאָג איך אייך, א מלוכה, מיט בעאמטע, דעלע־גאטען, „אָרגאנייזערס", סעקרעטערס, חאָטש נעהם און טהו זיי אָן שליפעס מיט מעשענע קעפ!

צוועלף וואָכען האָט געדויערט דער סטרייק! א גליק, וואָס איך האָב אָבגעשפאָרט עטליכע דאָלאר. אמת, מען האָט אפילו געצאָהלט די ערשטע וואָכען צו ביסלעך געלד. אבער וואָס האָט עס געקלעקט! נאָכדעם האָט מען שוין צאָהלען אויך אויפגע־הערט. עס האָט זיך אויסגענומען! א קלייניגקייט! עס האָבען געסטרייקט איבער 50 טויזענד „קלאָוק־מייקער", קען מען זיך דען אננעהמען?

אָט אזוי האָב איך צוריבען צוועלף וואָכען. מיינט איהר, אז די 12 וואָכען האָב איך גערוהט? חס וחלילה! אלע אָווענד האָב איך געמוזט געהן אויף די מיטינגס, וואו די רעדנער האָ־בען געהאלטען לאנגע רעדעס וועגען דער מאכט פון די ארביי־טער און ווי אזוי די „באָסעס" האָבען ביז אהער געזויגט אונזער בלוט, און ווי אזוי ווייטער געהן קאָן עס נישט. איין רעדנער אראָב, דער אנדערער ארויף, און אלץ די זעלביגע ווערטער, כדי די ארבייטער זאָלען דאָס פערשטעהן.

איך וויל נישט לייקענען: אין די דריי חדשים צייט בין איך אביסעל אויסגעבילדעט געוואָרען, איך בין דערגאנגען א סך

ענגלישע ווערטער, ווייל די רעדנער זיינען שוין אַלע לאַנג אין לאַנד און מישען צו א סך ענגליש, אָבער פערשטעהן קען מען.

צייטענווייז פלעגען זיי מיך אַליין דורכנעהמען. עס הייסט, איך האָב געפיהלט, אַז עס איז טאַקע נישט קיין יושר, אַז דער „באָס“ זאָל אַזוי פיעל פערדיענען און דער ארבייטער אַזוי וועניג. און איך בין שוין איינגאַנצען אריבער, אפילו אין הארצען, אויף זייער זייט. נאָך אַלע זאַכען, האָב איך געפיהלט, אַז פאַרט זיינען טאַקע די אַלע רעדנער און בעאַמטע אונזערע פריינד, אונזערע פערזאָרגער.

איינס נאָר האָב איך ביי זיך נישט געקאָנט פועל'ן: איך זאָל ווערען א שונא מיין „באָס“. איך האָב בטבע דרך ארץ פאַר רייכע מענשען (מיין „באָס“ איז א גרויסער גביר!) איך האָב גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלען זיך, ווי אַזוי קאָן איך ווערען אַ יחסן, אין דער צייט, וואָס איך בין אַ פּראָסטער ארבייטער, און ער איז א מאַנופעקטשורער“, א מענש, וואָס פיהרט ביזנעס אויף שווערע טויזענדער...

און דאָ איז אויסגענומען א תנאי, אַז די ארבייטער טאָרען מיט די „באָסעס“ קיין שום בעזונדערע געשפּרעכען נישט האָבען. אָבגעארבייט די ניין שעה — געהט אהיים!

אַז דער סטרייק האָט זיך געענדיגט, איז אויף די „באַסעס“ געווען אַן אמת'ער רחמנות. וואָס מיינט איהר — זיי האָבען ערגערע געשעפטען געמאַכט?! ניין, נישט דאָס. זיי זיינען געוואָרען פשוט אויס „באָסעס“. קיין ארבייטער אָבזאָגען טאָרען זיי נישט, א נייעם נעהמען טאָרען זיי נישט. אַלץ מוזען זיי פרעגען ביי דער יוניאָן. איהר פערשטעהט אַן עסק! הײנט וואָס טויג שוין זיי דאָס געלד מיט די עשירות, אַז זייער וואָרט איז קיין וואָרט נישט! ווארום, וואָס איז, צווישען אונז גערעדט, דער גאַנצער חשק צו רייכקייט? כדי מען זאָל מורא האָבען, מען זאָל וויסען, אַז מיר זיינען מיר, אַז אונזער וואָרט גילט, אונזער דעה ווערט אָנגענומען. אבער ווי באלד אַז ביי

א „באָס“ ארבייטען הונדערטער ארבייטער, און ער האָט אויף זיי קיין שום דעה נישט, איז דאָך נישט ניחא דאָס עשירות...

איז טאַקי אויף די „באָסעס“ געווען א רחמנות. נאָר וואָס געהען מיר אָן די „באָסעס“. מיר איז נאָר א שאָד מיין „באָס“... ערשטענס, א לאַנדסמאַן, און, צווייטענס, איז ער א איד, וואָס האָט ליעב כבוד. קיין שלעכטער מענש איז ער ניט, דוקא א גוטער מענש. היינט פאַר וואָס זאָל מען איהם טאַקע נישט אָבגעבען כבוד, לכל הפחות, דאָס, וואָס איהם קומט.

און אָט דאָ הויבען זיך אָן מיינע צרות. מיר האָט נישט געאַרט, וואָס איך קאָן איצט נישט ארבייטען אזוי פיעל, ווי איי־דער דער סטרייק. איהר ווילט, איך זאָל ארבייטען ניין שעה, זאָל זיין ניין. זאָלען אלע ארבייטער האָבען ארבייט — עס איז אפשר ניט קיין עולה! אָבער וואָס אַרט אייך, אז איך בין מיט'ן „באָס“ פריינדליך, אַז איך קום צוגעהן פריהער פאַר אלעמען און שמועס זיך דורך אַ ביסעל מיט איהם, אז איך בלייב אמאָל א האַלבע שעה, צי אַ שעה און הער אוים זיינע טענות... אמאָל גיעב איך איהם טאַקע געדעכט. ער הויבט אָן קלאָגען זיך אויף דער יוניאָן, צוגעהט מיר דאָס הארץ און איך גיעב איהם טאַקע געדעכט. מען נעהמט א קיסר און מען נעהמט ביי איהם אראָב די קרוין, און מען נעהמט ביי איהם צו די מלוכה, מיט דעם חייל, און מען זאָגט איהם אזוי: דיין גאָלד און דיינע אוצרות ריהרען מיר נישט אָן, מיר גיבען דיר אלץ אוועק, נאָר אין דער מלוכה מיש זיך ניט — נישט דיין עסק! און פונקט ווי מיט דעם פערסישען שאַך און מיט דעם טער־קישען סולטאַן און מיט דעם פאָרטוגאַלישען קעניג, ווי די פּיי־פּערס שרייבען.

אמאָל טרייסט איך איהם, אז גאָט וועט נאָך העלפען. אמאָל זאָג איך איהם אזוי א גוט וואָרט און אמאָל, אז עס איז דאָ זעהר א נויטיגע ארבייט, בלייב איך, ווען אלע צוגעהען זיך שוין, פער־שלאָסען אין א חדר'ל און פערענדיג עס...

איך קאָן איהם באמת נישט אָבזאָגען.
האָבען דאס די ארבייטער בעמערקט.
— וואָס האָט איהר, מיסטער, פאר א געשעפטען מיט'ן „באָס" ? — פרעגט מיך א יונגער שענקעל, וואָס אין די גוטע יאָהרען וואָלט איך אפילו מיט איהם נישט גערעדט.
ענטפער איך איהם מיט שטאָלץ אויף צו להכעים:
— מיט וועמען זאָל איך האָבען געשעפטען — מיט דיר ?
הער איך, ווי אין שאפּ, ארום מיין טיש, ווערט א גע־רויש.
דער פאָרמאַן איז אפילו אויך אויף מיין זייט, ווייל די פּאַרלייט זיינען מיט'ן סטרייק אויך נישט צופרידען געווען, ביי זיי האָט מען אויך די דעה אָבגענומען — אָבער העלפען קאָן ער איצט נישט. ער ווינקט מיר נאָר מיט די אויגען, ווי ער וואָלט מיר צוגעגעבען מוטה.
נאָך די ארבייט טהוען זיך די ארבייטער אָן אויף אוועק־צוגעהן.
אָבער זיי געהען דאָך נ י ש ט.
איך האָב ליעב געהן שפּעטער פון אַלעמען..
— נו, מיסטער, פאר וואָס געהט איהר נישט ? — ווענדען זיך צו מיר עטליכע פון די יונגע.
— איך האָב צייט. — ענטפער איך און עס ברענט מיר א פייער.
מילא, אויסגעפיהרט האָב איך... געבליבען אליין.
האָב איך מיר ערשט צורעדט מיט'ן בעל הבית און אויס־געלאָזט כל חמתי צו זיי...
אויף מארגען בעקום איך פון דער יוניאָן א מין פּאָוויעסט־קע.
איך לעז דורך די פּאָוויעסטקע און טראכט מיר:
עס זיינען דאָך נישט קיין גויים. עס זיינען דאָך אידען. און געה נישט.

קומען אויף איבערמאַרגען אין שאַפּ צוויי דעלעגאַטען און מען נעהמט מיך אראָב פון דער ארבייט.

ידער „באָס“ טענה'ט:

— וואָס האָט איהר צום ד'אַזיגען ארבייטער?...

זאגען זיי:

— ביים „טרייעל“ וועט עס שוין קלאָר ווערען...

מילא, איך וועל אייך לאנג נישט ברייען: עס איז געווען אַ דיעלאָ, ווי אין רוסלאנד, מיט אַ פּאָרזיצענדען, מיט געשוואָרענע, מיט אַ פּראקוראָר.

נאָר קיין פערטיידיגער האָב איך ניט געהאַט...

און מען האָט מיך פערמשפּט:

75 דאָלאר שטראָף און איבערפיהרען מיך אין אַן אנדער שאַפּ...

דאָס הייסט פּשוט: נאַ פּאָסעלעניע...

אַרט מיך נישט אזוי דאָס געלד, ווי דאָס איבערפיהרען אין דעם אַנדער שאַפּ.

אמת, דער שאַפּ, וואו איך ארבייט איצט, איז אַ סך אַ גרעסערער, ליכטיגער, מעהר לופט, אויפ'ן ערשטען פלאָר, ביי אַ פענסטער... טאָמער, חלילה, אַ שרפה — קענסטו גלייך שפּרינגען... אבער מיר איז דאָ די ארבייט נישט ניחא. ערשטענס, קוקען אויף מיר די ארבייטער, ווי אויף דעם גרעסטען פערברעכער און מען היט מיך. עס הייסט: איך בין „פּאַר נאָדזאָר“... איך זאָל חלילה נישט ר'עדען מיט'ן „באָס“...

זיי ווייסען נישט די חברה, אז דער נייער „באָס“ געהט מיך אָן ווי דער פאַר־אַ־יאָהריגער שנעע, און, צווייטענס, איז ער אַ דייטשער יהודי, און ער אליין וועט מיט מיר נישט רעדען...

נאָר זיי האָבען איין ארבייט: זיי היטען מיך...

מיינט איהר, היטען זיי מיך איין! איינמאָל אין וואָך האָב איך מיר ארויף צו מיין געוועזענעם „באָס“...

איך רעד פאר איהם אוים דאס הארץ. ער טרייסט מיך און איך טרויסט איהם. מיר האפען נאך, אז די יוניאן וועט מיך פריהער צי שפעטער בעגנעדיגען...

# אינהאַלט.

ערשטער טייל:

## איינאַקטערס.


| | |
|---|---|
| גוטע ברידער | 1—25 |
| אויף א חתונה | 1—14 |
| די פּראָבע | 1—16 |
| דעם שדכנ'ס טאָכטער | 1—16 |
| א רוהיגע דירה | 1—9 |
| די אורזאכע | 1—11 |
| ערשטע ליעבע | 1—9 |
| דאָס נייע צימער | 1—9 |
| דער שפּאניער | 1—10 |
| ליידען | 1—8 |
| די שיידונג | 1—7 |
| דער הומאָריסט | 1—8 |
| קינדער | 1—7 |
| מאַכט | 1—12 |
| צו שפּעט | 1—11 |
| די מצולה | 1—7 |
| דריי מיידלעך | 1—14 |
| די צוויי געפאנגענע | 1—9 |
| דער טויטער פעלדמארשאל | 1—6 |


צווייטער טייל:

## מאָנאָלאָגען


| | |
|---|---|
| דער פּאָפּולערער מאַן | 1 |
| דער פּאָטער | 8 |
| דער פּאסאזשיר | 13 |
| דער משפט | 17 |